ה. ד. נאמבערג

# אויסגעקליבענע שריפטן



יוסף ליפשיץ-פאַנד
פון דער ליטעראַטור-געזעלשאַפט ביים ייווא

ה. ד. נאָמבערג

# אויסגעקליבענע שריפטן

## נאָוועלן, לידער, עסייען

4 מוזיק־שאַפֿונגען צו לידער

**פֿראַגמענטן פֿון פֿאַרשאַרבעטן**
**צו דער כאַראַקטעריסטיק**
**און זכרונות**

**אַרײַנפֿיר און רעדאַקציע**
**פֿון**
**שמואל ראָזשאַנסקי**



3טער באַנד פון ציקל

# מוסטערווערק פון דער יידישער ליטעראַטור

אַרויסגעגעבן פון

**יוסף ליפשיץ־פאַנד**

פון דער

**ליטעראַטור־געזעלשאַפט ביים ייוואָ**

**אין אַרגענטינע**

אונטער דער רעדאַקציע

פון

שמואל ראָזשאַנסקי

קאָרעקטור

יעקב יהושע לערמאַן


יאָר: ה׳תשכ״ז — 1967

**ליטעראַטור־געזעלשאַפט ביים ייוואָ אין אַרגענטינע**

# תוכן

זייט







## בילדער, צייכענונגען

# ביאָגראַפישע שטריכן

געבוירן דעם 4טן אַפּריל 1876 אין אַמשינאָוו, ביי וואַרשע, אין אַ נגידישער משפחה פון חסידים מיוחסים. דער טאַטע, יונג געשטאָרבן, געווען אַן אוראייניקל פון פּראָגער, מחבר פון בית מאיר, און אַן אוראייניקל פון לאָדזשער רב יחזקאל נ. הערש דוד האָט זיך דערצויגן ביי דער מאַמעס טאַטן, אייזנבערג, אַן אייניקל פון חושן משפט, אַ ייד מיט אַריסטאָקראַטישע פירונגען. ביז 18 געלערנט אין ישיבה, בית־מדרש, שטרענג חסידיש, גערעדט לשון־קודש און געשמט פאַר אַן עילוי.

באַווירקט פון דער העברעישער ליטעראַטור, זיך פאַרנומען צו אַליינבילדונג אין רוסיש, פויליש און דייטש, און דערפילט אַן איבערבראָך אין זיין רעליגיעזן דרך. זוכנדיק אַ נייעם וועג, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אויפן היכל העוגב (דער ליבהאָבער), מיט דער הילף פון סאָציאַליסטישע סטודענטן געקומען אין 1897 קיין וואַרשע, אויפגעזוכט דעם מחבר פון די העברעישע לידער, י. ל. פרצן, צו אים געבראַכט העברעישע שירים און — דאָ געפונען זיין וועג; געפאָלגט פרצן און גענומען שרייבן אויף יידיש, און צו אים זיך צוגעבונדן אויפן גאַנצן לעבן. צוערשט עטלעכע יאָר געווען לערער אין אַ העברעישער שול און געהאַט אַנדערע באַשעפטיקונגען, געשריבן אי אויף העברעיש, אי אויף מאַמע־לשון, אַריבערגייענדיק צו זשורנאַליסטיק, אין רעדאַקציעס פון צייטונגען, העברעישע און יידישע, אָבער נאָך 1910 אַריבער כמעט אין גאַנצן צו פובליציסטיק. זיינע העברעישע דערציילונגען און שירים זיינען טיילווייז איבערגעזעצט געוואָרן אויף יידיש (עטלעכע איינגעשלאָסן אין 7טן באַנד פון זיינע שריפטן, דערציילונגען, 1930).

נ. דעבוטירט אין 1900, אין דער יוד, מיטן ליד דער נביא און, אין א. רייזענס דאָס צוואַנציקסטע יאָרהונדערט, מיטן מעשהלע דאָס גליק. זיינע נאָוועלן פון אַ פוילישער ישיבה אין פליגלמאַן (צום ערשטן מאָל געדרוקט אין 1905, אין רייזענס וואָכנבלאַט דאָס יודישע וואָרט, אין קראָקע), מאַכן אים אַ רענאָמע פון אַן אָריגינעלן בעלעטריסט מיט אַ נייעם צוגאַנג צו מענטשן און אידייען. זיין ליד ס׳לויפן, ס׳יאָגן שוואַרצע וואָלקנס, געשריבן פאַר אַן אומלעגאַלער אויסגאַבע לכבוד דעם 1טן מיי, איז געוואָרן פון די פאָפולערסטע לידער אין דער אַרבעטער־באַוועגונג.

די ערשטע פרוון אין רעדאַקציע־אַרבעט האָט נ. געמאַכט אין דער העבר׳ צייטונג הצופה: אָנגעהויבן מיט איבערזעצן טעלעגראַמעס און גאָר גיך געוואָרן דער רעדאַקטאָר, רופנדיק די אויפמערקזאַמקייט ווי אַ פעליעטאָניסט (באַנוצט פסעוודאָנימען: א. קוצק, הצדוני, כף המבשלים, מרדכי, שאנני, הדן). מיטגעאַרבעט נאָך דעם אין דער וועג. נאָכן דורכפאַל פון דער רעוואָלוציע אַוועק

קיין שווייץ. זיך צוריקגעקערט אין 1907, צוערשט אין ווילנע, ווו מיטגעאַרבעט אין הזמן, די וועלט, ליטעראַרישע מאָנאַטסשריפטן, אַרויסגעגעבן לכבוד פסח, און דערנאָך אַריבער קיין וואַרשע, אין פריינד. אין 1912 אַריין אין צייטונג היינט, ווו געמאַכט פוראָר מיט זיינע וואָכנדיקע שמועסן, געדרוקט פרייטיק (לכבוד שבת), וואָס ער האָט פאַרגעזעצט אין דאָס וואַרשעווער טאָגעבלאַט, די צייטונג וואָס ער האָט רעדאַקטירט אין די מלחמה־יאָרן, און לסוף אין מאָמענט, ווו ער איז אַריינגעטראָטן אין 1918, דרוקנדיק אויך דאָרטן קורצע פובליציסטישע אַרטיקלען א״א, מיטאַרבעטנדיק אויך אין נ״י פאָרווערטס און דער טאָג, ב״אַ די אידישע צייטונג, לאָנדאָנער צייט און אין ליטעראַרישע זשורנאַלן.

נ. האָט אַחוץ רעאַגירן אויף אַקטועלע פראַגעס אויך גענומען איינטייל אין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט און געשפילט אַ פירנדיקע ראָלע: 1908 — אויף דער טשערנאָוויצער שפראַך־קאָנפערענץ, דורכזעצנדיק די רעזאָלוציע, אַז יידיש איז אַ נאַציאָנאַלע שפראַך, „נישט קוקנדיק אויף דער קעגנערשאַפט פון רעכטס און פון לינקס". ער איז דער באַגרינדער פון יידישיזם און פאָלקיזם. גרינדעט אין 1916 צוזאַמען מיט נח פריילוצקין א״אַ די פאָלקספאַרטיי און ווערט דעפוטאַט אין פוילישן פאַרלאַמענט (סיים). שטעלט זיך איין פאַר יידיש־וועלטלעכע שולן. יאָרנלאַנג פאָרזיצער — און די נשמה — פון ליטעראַטן־ און זשורנאַליסטן־פאַראיין אין פוילן. אונטער זיין סטימול איז געגרינדעט געוואָרן אין אַרגענטינע דער ייד׳ שרייבער־פאַראיין (וואָס טראָגט זיין נאָמען) און דער אַקטיאָרן־פאַראיין.

נ. איז אַ סך אַרומגעפאָרן: זייער אָפט איבער מערב־אייראָפּע, ממש אַ שטאַמגאַסט אין בערלין. 1911 און 1926 אין נאָרד־אַמעריקע, 1922 אין אַרגענטינע, 1924 אין ארץ־ישראל, 1926 אין ראַטנפאַרבאַנד. פון די אַלע לענדער געשריבן און זיינע רייזע־איינדרוקן זיינען געזאַמלט אין בוכפאָרעם.

אין פאַרשיידענע אויפלאַגעס זיינען געזאַמלט זיינע נאָוועלן, אויך זיינע עסייען וועגן ליטעראַטור, אידייען, באַוועגונגען, זיין לעבנסבילד די משפחה (געשפילט אין טעאַטער אויך אויף העברעיש) און אייניקע פון זיינע איבערזעצונגען, ווי פון טאַגאָרע, הויפטמאַן און אַנדערע.

נ. איז געשטאָרבן דעם 22סטן נאָוועמבער 1927 אין אָטוואָצק, אַ קורדאַטשע ביי וואַרשע.



נאָמבערג, באַטראַכט אין דער פריער יוגנט צוזאַמען מיט שלום אַש און אברהם רייזען ווי דער דריי־בונד פון דער נייער יידישער ליטעראַטור, איז געווען די הויפט־פיגור פון דעם יידישן וואָרט אין פוילן נאָך י. ל. פרצן.

## ה. ד. נאָמבערגס שריפטן אין בוכפאָרעם

„מען וועקט", וואַרשע 1905.

„ספּורים": פאַרלאַג ספרות, וואַרשע 1905.

„אין אַ חסידיש הויז", דערציילונג פ' קולטור, מינסק 1906.

„שריפטן", 5 קליינע בענד אין איינעם, פ' ביכער פאַר אַלע, וואַרשע 1908.

„שכנים אַליין א"אַ דערציילונגען און לידער", פ' ביכער פאַר אַלע וואַרשע 1909.

„שריפטן", 4 בענד, וואַרשע 1909.

„כתבים", פ' תושיה, 1911.

„קינדער־ערצעהלונגען" (?), פ' האור, וואַרשע 1911.

„די משפּחה", דראַמע, פ' ב. קלעצקין, ווילנע 1914.

„שריפטן", יידישער פאָלקס־פאַרלאַג, 1טער באַנד, קיעוו 1919.

„י. ל. פּרץ", בראַשור, פ' גייסט, וואַרשע 1919.

„די משפּחה", 2טע אויפלאַגע, כלל־פאַרלאַג, בערלין 1921.

„געזאַמלטע ווערק", 2 בענד ערציילונגען", בערלין 1922.

„אין אַ פּוילישער ישיבה", כלל־ביבליאָטעק, בערלין 1922.

„דאָס בוך פּעליטאָנען", פ' ש. יאַטשקאָווסקי, וואַרשע 1924.

„ארץ־ישראל", איינדרוקן און בילדער, פ' ת. יאַקובסאָן און מ. גאָלד־בערג, וואַרשע 1925.

„געזאַמלטע ווערק", 5 בענד דערציילונגען, פ' קולטור־ליגע, וואַרשע 1926.

„געזאַמלטע ווערק", 6טער באַנד, מיין רייזע איבער רוסלאַנד, וואַרשע 1928.

„געזאַמלטע ווערק", 7טער באַנד, דערציילונגען און לידער, וואַרשע 1930.

„אַמעריקע", 2 טיילן: אין צפון־אַמעריקע און אין אַרגענטינע, וואַרשע (1926?).

„פאַר יוגנט", פ' קינדער־פריינד, וואַרשע 1937.

# ה. ד. נאָמבערג, דער „צעבראָכענער" אינטעליגענט

## דער שטאַרקער גײַסט אין שוואַכן קערפּער

הערש־דוד נאָמבערג איז אַ זעלטענע אַפּליקענונג פֿון דעם פֿאַר־הייליקטן לאַטײַנישן שפּריכוואָרט „מענס סאַנאַ אין קאָרפּאָרע סאַנאָ". נאָמבערג איז געווען פֿיזיש — אַ חורבה, אָבער גײַסטיק — אַ פֿעס־טונג.

סײַ אין דער יוגנט, אין פּוילן, ווען ער האָט אונטערגעקנעלט, און אין שווייץ, ווו ער איז „אַרומגעגאַנגען קרוע־בלוע, סײַ אין די לעצטע יאָרן פֿון זײַן קורצן לעבן, האָט מען „נישט געזען אַ מענטש מיט אַזוי ווייניק גוף"[1]. אין די לעצטע יאָרן איז ער שוין געווען אין זייער אַ גוטער מאַטעריעלער לאַגע און געקענט אין פֿײַנע באַדינגונגען אַרומ־פֿאָרן איבער דער וועלט, דאָך האָט ער, אַ נידעריקער, צעבויגענער, אויסגעדאַרטער, אויסגעזען „מיטן צעקנייטשטן פּנים, ווי ער וואָלט שוין אַ יאָר נישט געגעסן"[2]. פֿון דעסט וועגן איז ער געווען אַזוי שטאַרק גײַסטיק, אַז אַפֿילו אַ באָהעם, אַ לעביונג, זאָגט וועגן אים מיט באַוווּנדערונג: „נאָמבערג, מיט זײַן ליטעראַטור און מיט זײַן פּערזענ־לעכן לעבן, איז געווען דער סינאָנים פֿון אַבסאָלוטער פֿרײַהייט"[3]. און י. ל. פּרץ, דער מעכטיקסטער גײַסט פֿון דער יידישער ליטעראַטור, האָט אין אים דערשפּירט אַזאַ כּוח, אַז ער שרײַבט צו ביאַליקן אין

---

[1] ד"ר א. מוקדוני — אין וואַרשע און אין לאָדזש, ב' 1, ב"א 1955, ז' 12.

[2] ז. סעגאַלאָוויטש — טלאָמאַצקע 13, ב"א 1946, ז' 140.

[3] אפרים קאַגאַנאָווסקי — יידישע שרײַבער אין דער היים, לאָדזש 1949, ז' 26.

1906: „אַש איז אַוועקגעפֿאָרן, נאָמבערג — נאָך אים, בין איך געבליבן ווי אַן אײנזאַם ביידל אין פֿעלד“ [4].

נאָמבערג איז „אַרויס פֿון בית־המדרש, אָבער נישט צו ווײַט אַוועק פֿון פֿאָלק“ [5]. הגם אַ סך יאָרן אַ קראַנקער אויף די לונגען, האָט ער אַלעמען איבערגעראַשט מיט זײַן לעבנסלוסט. ער האָט זיך נישט אויסבאַהאַלטן מיט זײַן לײַדנשאַפֿט צום טאַנצן, שפּילן ביליאַרד און אַ דערדע. נישט געהאַלטן בסוד, וואָס אים איז ליב געווען, אַפֿילו ווען דאָס איז געווען קעגן דעם ייִדישן דרך. פּונקט ווי ער האָט נישט מורא געהאַט אַרויסצוטרעטן קעגן „די יונגע“ אין פּוילן אָדער קעגן די ייִדקאָמוניסטן אין מאָסקווע, ווען ס׳איז געווען אַ סכּנה זיי זיך קעגנצושטעלן... נאָמבערג איז ווירקלעך „געווען דער סינאָנים פֿון אַבסאָלוטער פֿרײַהייט“.

זײַן באַציִונג צום שרײַבן האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין זײַן אייגענעם צוגאַנג: „צוויי טעג איידער ער פֿלעגט שרײַבן זײַן וועכנטלעכן אַרטיקל פֿלעגט ער אַרומגיין צעמישט, פֿאַרטראַכט, דענערווירט... בעת דעם שרײַבן געווען מוראדיק קאָנצענטרירט, כּמעט ניט געהערט, וואָס עס טוט זיך אַרום אים... ווען ער פֿלעגט ענדיקן דעם אַרטיקל, האָט ער זיך אייניקע שעה געפֿונען כּמעט אין אַ הינערפֿלעט“ [6]. נאָר איז ער צו זיך געקומען, איז ער בײַ זײַן גאַנצער קרענקלעכקייט „אַ קליינינקער, אַ דינער, מיט דאַרע, האַלב־קײַלעכיקע פֿיס“, מיט „אַ קאָפּ אַ גרויסן, גאָר נישט אין פּראָפּאָרץ צו זײַן פֿיגור“, און „גערעדט גיך־גיך אויף אַ טיף־פּוילישן ייִדיש, מיט יאָך און וויי, האָט ער צוגעצויגן יונג און אַלט, געווען „אַרומגערינגלט פֿון פֿרײַנד און קאָלעגן, און דער עיקר פֿון מיידלעך, קורסיסטקעס אָדער סתּם ליטעראַרישע בײַלאַגעס, און נישט איין מאָל, ווען גראַפֿאָמאַנקעס האָבן אים ניט צו

[4] בריוו און רעדעס פֿון י. ל. פּרץ, נ״י 1944, ז׳ 225.

[5] יוסף העפּטמאַן — רעדע אויפֿן יובליי־אָוונט, ליטעראַרישע בלעטער נ׳ 16, וואַרשע 1924.

[6] שלמה מענדעלסאָן — זײַן לעבן און שאַפֿן, נ״י 1949, ז׳ 175.

רו געלאָזט, אָפּגעשפּילט טעאַטער, וואָס האָט אַרויסגערופן האַמעריש געלעכטער" [7], דאָס שפּיגלט זיך אָפּ אויף עפּנטלעכע אַרויסטריטן. ביי דער פייערונג פון זיין 25יאָריקן יובילייע אין וואַרשע, פאַר אַן עולם פון צוויי טויזנט מענטשן, „איז אים שווער אָנהייבן ריידן, וויל דער זאַל ברעכט כסדר אויס מיט אָוואַציעס" [8], כאָטש „אַ דוד פרישמאַן און אַ ה. ד. נאָמבערג זיינען ווי פעליעטאָניסטן געווען פאַר יחידי־סגולה, פאַר אינטעליגענץ" [9].

דער חלוש איז גאַר געווען אַ גיבור. האָט שטאַרק ליב געהאַט דאָס לעבן. געווען פאַרליבט אין קונסט. פאַרליבט אין יידיש.

נאָמבערג האָט געפונען אין לעבן ביטערע אַנטוישונגען. זיי האָבן אין אים פאַרפלאַנצט סקעפּטיציזם. ער האָט אָבער באַגעגנט י. ל. פּרצן און — ער האָט אין אים פאַרפלאַנצט אַ נייע אמונה, די אמונה אין וואָרט, קונסט און פאָלק. איז נאָמבערג אַוועק פון רבישע הייף — צום מאָדערנעם רבין... און דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזן, וואָס אַ דיכטער האָט פעסטגעשטעלט „אין טאָג פון ה. ד. נאָמבערגס טויט": אַ גרויסע רעליגיעזע נאַטור האָט געמוזט זיין נאָמבערג [10].

## אַ נייער טיפּ מענטש פון אַ נייער עפּאָכע

נאָמבערג איז אויפגעוואַקסן אין אַן עפּאָכע, ווען די יידן אין מזרח־אייראָפּע זיינען געווען פאַרפלייצט מיט גלויבן. ראָמאַנטישע צייטן געווען. אַלע האָבן זיך אַרומגעפירט מיט גרויסע אידעאַלן, ווי מיט גרויסע ליבעס. מ'איז נישט געגאַנגען אַליין. אַפילו אַפּיקורסים זיינען געווען גלייביקע. אַפילו אַסימילאַטאָרן זיינען געווען נאַציאָנאַל

[7] אלחנן צייטלין — אין אַ ליטעראַרישער שטוב, וואַרשע 1937, זז' 101—103.

[8] וועגן נאָמבערגס יובילייע — ליטעראַרישע בלעטער נ' 16.

[9] א. אַלמי — מאָמענטן פון אַ לעבן, ב"א 1948, ז' 193.

[10] ישׂראל שטערן — „אפשר נישט?", ליט"בל נ' 47, וואַרשע 1927.

געשטימט: טאַקע אַנטלאָפֿן פֿון אייגענעם פֿאָלק, אָבער דאָס געטאָן, כּדי צו ווערן גלייביקע שותּפֿים פֿון אַ צווייטן פֿאָלק, זײַן לאַנד, זײַן קולטור.

גלייבן איז געווען אין דער מאָדע און פֿון גלייבן איז געשאַפֿן געוואָרן אַ פּסיכאָז. אַטאַקירנדיק רעליגיעזע ייִדן, ווײַל זיי גלייבן בלינד אין גאָט פֿון הימל, זײַנען אַפּיקורסים אַרײַנגעפֿאַלן אין עקסטאַז מיט זייער גלייבן בלינד אין פּראָגרעס און קולטור. אַנשטאָט אין בית־המדרש — געגומען גיין אין פּאַרטייען, סינדיקאַטן, ביבליאָטעקן, קלובן. אַנשטאָט עבֿודת הבורא — געטאָן אונטערערדישע אַרבעט. אַנשטאָט לשנה הבאה בירושלים אויסגעשרײַען בית יעקבֿ לכו ונלכה, ווערבירט חלוצים אָדער אַקציאָנערן פֿאַר דער קאָלאָניזאַציע.

אויסלאַכנדיק, האָט מען גענומען גוואַלדיק ערנסט דאָס לעבן. דראַמאַטיש. טראַגיש. אויב מען האָט געלאַכט, איז דאָס געווען אַ לאַכן מיט יאַשטשערקעס... מער ווי מ׳האָט יענעם ווי געטאָן, האָט מען אַליין געליטן. און פֿון אָט דעם הייליקן ערנסט איז אַרויסגעקומען די נאַציאָנאַלע דערוואַכונג, דורך צוויי פֿאַרשיידענע וועגן צו איין ציל: דורך חיבת ציון און פּראָלעטאַרישקייט צום רענעסאַנס פֿון דער ייִדישער קולטור.

דער איבערגאַנג האָט אָבער געבראַכט געפֿערלעכע קאָנפֿליקטן. אין יעדער היים איז אויסגעבראָכן אַ מלחמה. אומצייליקע פֿאַמיליע־לעבנס זײַנען צעבראָכן געוואָרן איבערן צוזאַמענשטויס צווישן פֿרומקייט און אַפּיקורסות.

נאָמבערג איז געווען איינער פֿון די אומצייליקע קרבנות אין אָט דעם קריזיס. קוים צוואַנציק יאָר אַלט געווען, און שוין געזעסן אין ש״ס און פּוסקים, אַז „וועגן אַלץ אויף דער וועלט רעדט מען דאָ, אָבער נישט וועגן דעם עיקר, וועגן דער עצם־פֿראַגע: וואָס טוט מען אויף דער וועלט, וואָס איז אַזוי פּוסט און וויסט?״[11]... ווי גוט עס

[11] „אַ ליטעראַרישער דור״, דאָס בוך פֿעליעטאָנען, וואַרשע 1924, זז׳ 172—173.

איז אים אין דער דאָזיקער וועלט געווען מאַטעריעל און ווי קלאָר עס איז פֿאַר אים געווען, אַז אַוועקגייענדיק פֿון איר פֿאַרלירט ער די אײַנגעפֿונדעוועטע היים, האָט ער בעסער אויסגעקליבן דעם וועג, אויף וועלכן ער האָט געהאַט אַלע שאַנסן צו פֿאַרלירן. ער האָט איבערגעלאָזט דעם ווילשטאַנד, נישט ווי די מערסטע ייִדישע שרײַבערס, וועלכע זײַנען אַוועק פֿון דער אַלטער וועלט, ווײַל זיי זײַנען דאָרטן געזונקען אין דלות.

נאָמבערג איז אידעאַליסט און אינדיווידואַליסט פֿון דעם טיפֿ, וואָס האָט פֿאַרלוירן דעם זין פֿאַר אוטיליטאַרישקייט. מיט אַזאַ געמיט קומט ער אַרײַן אין דער ייִדישער ליטעראַטור. ווען פּרץ זאָגט אים — „וואַרפֿט אַוועק די העברעיִשע שירים, שרײַבט אויף ייִדיש, וועט איר ברענגען נוצן דער וועלט!“, פֿרעגט נאָמבערג — „און וואָס וועט זײַן, אַז איך וועל ברענגען נוצן?“...

דאָס איז געווען אין 1897, וואָס איז די וויכטיקסטע דאַטע אין דער ייִדישער געשיכטע. אין דעם יאָר ווערט געבוירן דער צווילינג, וואָס האָט רעוואָלוציאָניזירט דאָס ייִדישע לעבן: דער פּאָליטישער ציוניזם און דער אַרבעטער־בונד. צעשטערט איז דער שטילשטאַנד אינעם דלותדיקן שטעטל. יוגנט לויפֿט אין שטעט אָדער קיין אַמעריקע — דאָס איז דער מאַסן־ענטפֿער אויף די צאַרישע רדיפֿות, וואָס פֿאַרסמען די לופֿט, און די איבערבלײַבעכצן פֿון פֿאַנאַטיזם, וואָס ליגן ווי זומפּן אויף די וועגן... נישט אַלע פֿון די וואָס בלײַבן גיבן זיך אונטער דעם וויסטן מזל. די רוסישע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג צינדט־אָן מחנות פֿון די נײַע דורות אַפֿילו אין די ישיבֿות. אונטער גמראס באַווײַזט זיך געהיימע רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור, וואָס וועקט צו רעפֿאָרמען און רעוואָלוציע... און אונטער זייער ווירקונג פֿורעמען זיך ייִדישלעכע רעפֿאָרמען און רעוואָלוציאָנערע אידייען. די סטיכיע פֿון אַלטן גלויבן גייט דאָ און דאָרט אַריבער צו די ייִדישע סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע רעוואָלוציאָנערן... קודם קומט דאָס צום אויסדרוק אין לײַדנשאַפֿט צו וויסן. מ׳לויפֿט לערנען. ייִדישע בחורים און מיידלעך ווײַזן־אַרויס זעלטענע פֿעיִקייטן און

חשק צו לערנען, דער עיקר ווי עקסטערנען, ווי אויטאָדידאַקטן. שפרינגען־איבער די פּראָצענט־נאָרמעס און מאַכן זיך נישט קיין ווענן פון די קאַריערעס, וואָס אוניווערסיטעטן קענען געבן פאַר פּראַקטישע צוועקן — דער עיקר איז ביי זיי לערנען! הייבן־אָן און ענדיקן נישט... לויפן פון איין קורס אויפן אַנדערן... לייענען, גריבלען זיך, דיסקוטירן, זוכן־אויס אַלע אומרוען פון דער צייט, אויף דורכצו־בויערן זיי, אַריינדרינגען אין זיי... די ישיבה־בחורשע טראַדיציע פון „דרייען מיטן גראָבן פינגער" ווערט אַריבערגעטראָגן אין גימנאַזיעס און אוניווערסיטעטן, דער עיקר ביי די עקסטערנען, „מיטן קאָפּ אין דער גרויסער מענטשלעכער קולטור, מיט לייב און לעבן אין דער טויטער אַטמאָספער פון קאַבצאַנסק און טונעיאַדעווקע"[12]. אַזאַ איז נאָמבערג, נאָך פרצן אפשר „די באַדייטנדיקסטע, די אינטימסטע און אינטערעסאַנטסטע פערזענלעכקייט אין אונדזער ליטעראַטור"[13].

## פון אַלצווייסערייַ צו נייַע זוכענישן

שוין אין די ערשטע שורות פון זיין ליד דער נביא, מיט וועלכן ער האָט דעבוטירט אין 1900 אויף יידיש, זעען מיר די גרעסטע מעלה, נאָמבערגס, און דעם גרעסטן חסרון פון זיינע העלדן: דער צו „שאַרפער בליק". ער זאָגט:

„און זאָל דער וואָלקן זיין ווי דיק,
דאָך שניידט אים דורך מיין שאַרפער בליק".

נאָמבערגס העלדן — פליגלמאַן, שוואַרצמאַן, בענדער, פעליע, פיינשטיין — זעען אַזוי שאַרף, אַז קיינער קען זיך פון זיי נישט

---

[12] בעל־מחשבות — געקליבענע שריפטן, ב' 1, ווילנע 1910, זז' 181—125

[13] ב. קאַרליניוס — „געווען אַ מענטש", די אידישע צייטונג, ב"א 22 נאָוועמבער 1931.

אויסבאַהאַלטן מיט זײַנע געדאַנקען און געפֿילן. דאָס איז טאַקע זייער אומגליק: וואָס זיי ווייסן צו פֿיל און זײַנען צו אינטעליגענט. „פֿליגל־מאַן", געשריבן אין 1905, אַ סך יאָרן אַ רייצנדיקע טעמע פֿאַר דיס־קוסיעס, איז געווען דער ערשטער אָנזאָג פֿון די אָנקומענדיקע ירידה־שטימונגען איבערן דורכפֿאַל פֿון דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד. יאוש, פֿאַרביטערונג, ניהיליזם האָט זיך אַרײַנגעריסן אין די יידישע געמיטער, אַנדערש ווי אויף דער רוסישער גאַס, וואָס איז באַ־הערשט געוואָרן דורך אַ כוואַליע פֿון גלײַכגילט, ציניזם און הפֿקרות... אָט אָ די דעקאַדענטישקייט — אַ נײַס אינעם יידישן לעבן — האָט נאָמבערג דער ערשטער אַרײַנגעבראַכט אין דער יידישער ליטעראַ־טור: די טראַגעדיע פֿון דער פֿיזיש הונגעריקער און גײַסטיק איבער־געזעטיקטער אינטעליגענץ, וואָס איז געקומען ווי אַ רעזולטאַט פֿון דעם ראַשיקן איבערגאַנג פֿון דושנעם בית־מדרש צום לעבן פֿון עלנטע נאַכטוואַנדלערס אָדער גאָר „צווישן בערג", אין דער אַטמאָס־פֿערע פֿון באָהעמיע. נאָמבערגס העלדן זײַנען די ערשטע אַנאַרכיסטן אין דער יידישער פּראָזע.

פֿליגלמאַן איז אַזוי קלוג, אַז ער האָט מורא צו ריידן, ער זאָל זיך — חלילה וחס — נישט אַרויסכאַפּן מיט אַ נאַרישקייט. שווײַגט טייל מאָל אַזוי פֿאַרעקשנט, ווי ער וואָלט זיך אַ נדר געגעבן. עס זעט־אויס, ווי שווײַגן וואָלט פֿאַר אים געווען אַ פּרינציפּ, אַ פֿילאָ־סאָפֿיע. עפּעס גאָר נישט ווי בײַ יידן. ווי ער וואָלט זיך אָפּגעלערנט פֿון אַ ווײַטער, פֿרעמדער וועלט, פֿון ווײַטן מזרח, פֿון אינדיע גאָר, אַזאַ פֿילאָסאָפֿישע רו, וואָס איז באַקאַנט ווי נירוואַנאַ. נאָמבערגס ער־שטער קריטיקער האָט דעריבער אָנגערופֿן דעם נאָוועליסט פֿון פֿליגל־מאַן, שוואַרצמאַן, פֿעליע — דיכטער פֿון דער נירוואַנאַ [14]. נאָמבערגס העלדן ענטפֿערן אָן רייד. זיי פּראָטעסטירן מיט שטילשווײַגן. ערשט ווען ער גייט־אַריבער צו פּובליציסטיק צערעדט ער זיך. „די משפּחה", 1913, קען באַטראַכט ווערן ווי די ענדגילטיקע שיידליניע, הן פֿון

---

[14] ש. ניגער — וועגן יידישע שרײַבער, ב׳ 2, וואַרשע 1912, זז׳ 79—100.

נאָמבערגס אַריבערגיין דעפֿיניטיוו צו פּובליציסטיק, הן פֿון זײַן דערוויטערן זיך פֿון די פֿילאָסאָפֿירנדיקע שוואַרצזעערס, די פֿליגל-מאַנס, וועלכע האָבן נישט קיין כּוח, ניט צום לעבן און ניט צום שטאַרבן.

פֿליגלמאַן איז אָבער שוין געוואָרן קלאַסיש. אַ פּאָפּולערער טיפּ אין דער ייִדישער ליטעראַטור. אַ קלינגוואָרט. אַ סימבאָל. אַן אילוס-טראַציע פֿאַר די סאָציאַלע קאָנפֿליקטן אין דער ייִדישער סבֿיבֿה. אַ טראַגישע פֿיגור, דער פֿליגלמאַן: ער האָט נישט קיין פֿליגלען...

„די משפּחה" איז קינסטלעריש אויף אַ נידעריקערער מדרגה ווי די נאָוועלן, נאָמבערגס. זי איז אויך טעמאַטיש ווייניקער אָריגינעל ווי די נאָוועלן. זי איז אָבער זייער וויכטיק ווי אַ דאָקומענט פֿון דער צײַט. להיפּוך ווי אין די נאָוועלן, וווּ די טיפּן זײַנען אַלצ-ווייסערס, לאָזט זיך דאָ אַרויס איבער דער וועלט דער וואָס איז געבוירן געוואָרן צו זײַן אַ פֿירער. עליאַש ווייסט, אַז כּדי צו וויסן אויף אַן אמת, דאַרף ער זיך אַרויסלאָזן איבער דער וועלט, זען, הערן, פֿרעגן, זוכן. נאָמבערגס קאָמעדיע איז אַ ווײַטערער עטאַפּ ווי שלום עליכמס „צעזייט און צעשפּרייט". איןביידע ווערט געוויזן דער טיפֿער ריס אין דער ייִדישער פֿאַמיליע, צווישן עלטערן און קינדער, אַ פּירוד-הלבֿבֿות וואָס נעמט זיך פֿון פֿאַרשיידענע צוגאַנגען. די צרות, וואָס לייגן זיך ווי שטרויכלשטיינער, קומען פֿון גײַעג נאָך געלט און טריפֿהנע הנאות. עליאַש דאַרף זײַן דער נאַציאָנאַלער פֿירער מיט זײַן לאָזונג „נילי" (נצח ישׂראל לא ישקר) — אַ דאַמבע קעגן דער דעמאָראַליזאַציע און הפֿקרות, וואָס באַדראָעט דאָס ייִדישע לעבן...

אין דעם דאָזיקן צעטרייסלטן לעבן באַווײַזן זיך ריינע פֿרויען-געשטאַלטן. נאָמבערג האָט זיי געוויזן שוין אין זײַנע נאָוועלן. דאָ איז בײַ אים צו מאָל אַ פֿאַרקערטער סדר-העולם: בעת די מענער זײַנען בײַ אים פֿאַרווײַבערישט, דערשײַנען פֿאַרמענערישטע פֿרויען. אַנטקעגן מרה-שחורהדיקע מענער זעען מיר, ווי אַלע פֿרויען-טיפּן אין נאָמבערגס שאַפֿן זײַנען פֿול מיט לעבן. אַפֿילו די אינטעלעקטועלע

פּרויען זוכן גשמיות. די קורסיסטקע, פּידלער וויל חתונה האָבן; ווײַנשטיין איז אָבער דער וואָס קען זיך נישט דעצידירן. די מאָלערין סאָניע איז שלאַגפֿאַרטיק, אַגרעסיוו, לײַדנשאַפֿטלעך; שוואַרצוואַלד גייט אָבער נאָך ווי אַ שוואַרצער שאָטן. נאָמבערגס מאַנספּאַרשוינען ריידן פֿון עראָטיק און פֿילאָסאָפֿירן וועגן סעקס, בעת די פּרויען זײַנען עראָטיש. נאָמבערגס „פֿאַרלאָזטע כּלה“ איז עס די וואָס דרייט־איבער דאָס שיפֿל... בעת דער מאַן פֿילאָסאָפֿירט הבל־הבלימדיק אין דעם קופּלעט „אוי, ווי, כאַ־כאַ“, לאַכט פֿון אים די פּרוי קאָקעטיש... זי איז די בריה, נישט ער. מיר האָבן דאָ אַ בילד פֿון דער עמאַנציפּאַציע אין דער יידישער פּרויענוועלט.

## נאָמבערג — אַ „מהיכא־תּיתיניק“?

דראַנג צו עמאַנציפּאַציע, צו אומאָפּהענגיקייט, צו זעלבשטענדיקייט איז בכלל אַ גרונטשטריך אינעם צווייטן פּעריאָד פֿון נאָמבערגס שאַפֿן. וואָס מער ער איז אַוועק פֿון בעלעטריסטיק צו פּובליציסטיק און זשורנאַליסטיק, אַלץ מער איז קענטיק געוואָרן זײַן ווילן ניט צו זײַן קיינעם אונטערגעוואָרפֿן. דאָס איז אָבער נישט פֿון אַלעמען ריכטיק אויפֿגענומען געוואָרן. פּונקט ווי זײַן אינטעלעקטועלער זאַכלעכער שרײַבשטייגער אין זײַנע נאָוועלן איז פֿון אייניקע קריטיקערס באַטראַכט געוואָרן ווי „צו פֿיל קאָפּ“ פֿאַר בעלעטריסטיק, אַזוי איז זײַן אָפּטרעטן פֿון טייל „אָנגענומענע“ פּירונגען צו מאָל אויפֿגענומען געוואָרן ווי אַ באַווײַז פֿון שוואַכקייט, נאָכגעביקייט. און אַ קריטיקער, וועלכער האָט געהאַט אַ חזקה אָפּצוחוזקן פֿון די גרעסטע, זאָגט אַז „נאָמבערג איז אַ צימלעך־אינטעליגענטישער קאָפּ“, אָבער „פֿון נאַטור אַ מהיכא־תּיתיניק“[15]. זײַן באַהעמיש לעבן, זײַן לעבנס־

---

[15] דוד פרישמאַן — אַלע ווערק, ב׳ 3, „יודישע ליטעראַטור“, וואַרשע 1914, ז׳ 105.

לוסט, זײַן חשק צו כאַפּן אַ טענצל, וואָס דערפֿאַר האָט ער אַרײַנ־געפֿירט אַ גראַמאַפֿאָן אין וואַרשעווער ליטעראַטן־ און זשורנאַליסטן־פֿאַראיין (וואָס ער האָט געגרינדעט און ווו ער איז געווען פֿאָרזיצער), איז באַטראַכט געוואָרן ווי דער בעסטער באַווײַז און חטא, וואָס נאָר אַ מהיכא־תּיתיניק קאָן באַגיין...

נאָמבערג, דער פֿאַרהערלעכער פֿון נירוואַנאַ אין דער נאָוועלע און דער „עולם הזהניק" אין אינטימען לעבן, קריגט אָבער אַ שם פֿון אַ שטורמער. שוין אין 1910 ווערט ער דער העלד פֿון אַ סקאַנדאַל. אַרויסטרעטנדיק אין דער וואַרשעווער „פֿילהאַרמאָניע" צוזאַמען מיט פּרצן אין אַ סימפּאָזיום „פֿון גאָלדפֿאַדען ביז לאַטײַנער", האָט ער קוראַזש צו זאָגן בקול רם, אַז די אָפּסטע באַזוכערס און מעצענאַטן פֿון יידישן טעאַטער (אין יענער צײַט) זײַנען די „יאַנקל שאַבשאָוויטשעס און סתּם פֿאַרברעכערס — פֿאַר וואָס? — ווײַל דאָס יידישע טעאַטער באַדט זיך אין שונד! „דער גרויסער עולם — שרײַבט איינער פֿון די רעדנערס אויף יענעם אָוונט — האָט אויפֿגענומען די דאָזיקע אַנטדעקונג מיט גרויל און מיט שרעק" [16]. נאָמבערג ווערט פֿאַר דעם זאָג אַטאַקירט פֿון אַלערליי זײַטן. אַפֿילו דער פֿײַנער קולטור־קעמפֿער ווערט אויפֿגעבראַכט, פֿאַר וואָס „מ'קומט־אַרויס צום יידישן אַקטיאָר מיט רעוואָלווער־קריטיק און באַיקאָט־אַגיטאַציע", אַנשטאָט רחמנות צו האָבן, ווי אויף „אַ זייגקינד נאָר וואָס אַרויס פֿון די וויקעלעך" [17]... אַנדערע זוכן צו דערקלערן אויפֿן וועג פֿון פּערזענ־לעכע חשבונות: נישט אַנדערש, אַז פּרץ און נאָמבערג זײַנען געווען אין כּעס אויפֿן יידישן טעאַטער, ווײַל מ'האָט דאָרטן נישט געשפּילט

---

[16] ד"ר א. מוקדוני — „זכרונות פֿון אַ יידישן טעאַטער־קריטיקער", אַרכיוו פֿאַר דער געשיכטע פֿון יודישן טעאַטער און דראַמע, ב' 1, נ"י־ווילנע 1930, ז' 378.

[17] נח פּרילוצקי — „דער יידישער אינטעליגענט און דאָס יידישע טעאַטער", כתבים ב' 3, ביאַליסטאָק 1921, ז' 63.

זייערע פּיעסן אָדער איבערזעצונגען[18]... צום לײַכטסטן איז אָבער צו דערקלערן: „אַ מהיכא־תּיתי־מענטש“... און דאָס דאָזיקע שטעכווערטל איז טאַקע יאָרן געגאַנגען ווי אַ טיקעטל פֿאַר נאָמבערגן.

די צײַט — די יושרדיקסטע ריכטערין — פֿאַרריכט אָבער טעותים. האָט די צײַט אויך דערוויזן, אַז נאָמבערג איז זייער ווײַט געווען פֿון זײַן אַ מהיכא־תּיתיניק. ער ווײַזט־אַרויס די וואַרעמסטע באַציִונג צו אַלע נויטן פֿון ייִדישן לעבן און גאָר באַזונדער פֿון דער ייִדישער קולטור. קהלט זיך. אַפֿילו געהאָלפֿן גרינדן אַ נײַע פּאַרטיי, די פֿאָלקספּאַרטיי, און איר פֿירער געוואָרן, איר וועגווײַזער. געוואָרן אַ קעמפֿער פֿאַר דעם וועלטלעכן געדאַנק און איבער הויפּט פֿאַר די ייִדישע פֿאָלקשולן אין פּוילן. די ייִדישע טעאַטער־וועלט האָט אין אים דערפֿילט דעם איבערגעגעבנסטן פֿרײַנד. ער האָט אַפֿילו אויפֿן בית־עולם אין זיבעץ געהאַט דאָס געזונטסטע לעבן. ווען ער האָט בײַם אָפֿענעם קבֿר פֿון אסתּר־רחל קאַמינסקי געזאָגט, אַז מיט אָט דער מאַמע פֿון ייִדישן טעאַטער „האָט זיך בײַ אונדז באַוויזן די ערשטע ייִדישע פּערזענלעכקייט, ווו די ליידן באַקומען אַ העכערע פֿאָרעם און אַ העכערן זין“, האָט ער פֿאַרענדיקט מיטן רוף: „לאָמיר זיך ניט לאָזן צעברעכן פֿון די שווערע צײַטן! גלייבן און מוט!“[19]. און ער האָט אַליין געגעבן דעם בײַשפּיל. „ער איז געווען איינער פֿון די ערשטע, וואָס האָט אויפֿגענומען מיט פֿרייד די ווילנער טרופּע אין וואַרשע“ און נישט איין מאָל געקומען אין נאָמען פֿון אַלע שרײַבערס באַגריסן די צוזאַמענפֿאָרן פֿון די אָרגאַניזירטע ייִדישע שוישפּילערס אין פּוילן. פּונקט ווי ער האָט בעת זײַן באַזוך אין אַרגענטינע געהאָלפֿן גרינדן דעם שרײַבער־פֿאַראיין, וואָס טראָגט דערפֿאַר זײַן נאָמען, אַזוי האָט ער געהאָלפֿן דער אַקטיאָרן־משפּחה (וואָס האָט

---

[18] זלמן זילבערצווײַג (רעד׳) — לעקסיקאָן פֿון ייִדישן טעאַטער, וואַרשע 1934, קאָלום 1406.

[19] „די רעדע פֿון ה. ד. נאָמבערג“, ליט״בל נ׳ 88, יאַנואַר 1926.

דעמאָלט זיך געפֿונען אין אַ שווערן קאָנפֿליקט[20]). ביז עס איז פֿאַר אַלעמען קלאָר געוואָרן, אַז „ער איז געווען פֿון די ערשטע, פֿון די געציילטע פֿריינד פֿון יידישן אַקטיאָר, און ווי אַ פֿריינד האָט ער תמיד געעצהט, תמיד אָנגעוויזן דעם וועג צו אמתער, צו שיינער, צו געלייטערטער יידישער בינעקונסט"[21].

אין אָט דעם ליכט דערשיינט ער ווי אַ וואָרענער, נישט בלויז נאָמבערג דער פּובליציסט, נאָר אויך נאָמבערג דער בעלעטריסט. זיינע פֿליגלמאַנס און שוואַרצוואַלדס דינען אין דער יידישער געשיכטע, ווי אין דער היינטיקייט, פֿאַר אַ ס.אָ.ס.־רוף.

דער אָ „מהיכא־תיתי־מענטש" מאַכט אין 1916 אַן אַליאַרעם, הלמאַי אַ נאַציאָנאַלער כּלל־טוער האָט נישט אָפּגעגעבן צוואַנציק טויזנט דאָלער, וואָס ער האָט געקראָגן צוגעשיקט פֿון ניו־יאָרק פֿאַר „יעקבֿ דינעזאָנס קינדערהיימען" אין וואַרשע: אַזוי ווייט איז אַוועק די שׂנאה צו די וועלטלעכע שולן[22]... (פֿאַרבשטיין האָט דינעזאָנען אַפֿילו קיין וואָרט נישט געזאָגט, אַז דאָס געלט איז אָנגעקומען). דער „פּשרהדיקער" נאָמבערג האָט מוט אַרויסצוקומען אין 1922 קעגן דער שטורמישער ליטעראַרישער „כאַליאַסטרע"[23], כאָטש זי האָט „מיט שטיוול אויף די קעפּ"[24] באַגייסטערט די יוגנט. ער לאַכט פֿון דער אומקלאָרקייט, מיט וואָס „די יונגע" בראַווירן. ער האָט געלייענט

---

[20] מיכאל ווייכערט — „פֿון ה. ד. נאָמבערגס געזעלשאַפֿטלעכער טעטיקייט", ליט"בל נ' 47, וואַרשע 1937. — אהרן לאַגער — „40 יאָר יידיש טעאַטער", רעד' ש. ד., די אידישע צייטונג, ב"א 5 יאַנואַר 1931.

[21] טעאַטער־ידיעות נ' 12, אָרגאַן פֿון אַרטיסטן־פֿאַראיין, ביילאַגע צו ליט"בל נ' 48, דעצעמבער 1927.

[22] ח. ש. קאַזדאַן — פֿון חדר און „שקאָלעס" ביז ציש"אָ, מעקסיקע 1956, ז' 415.

[28] פּרץ מאַרקיש האָט אונטער דעם נאָמען פּראָקלאַמירט דעם דרך פֿון די יונגע אין פּוילן, אינספּירירט פֿון דער רעוואָלוציע און אוקראַינער פּאָגראָמען.

[24] מיט דער פּאַראַפֿראַזירונג פֿון מאַרקישעס אַ ליד האָט הלל צייטלין אויסגעלאַכט און באַקעמפֿט די ליטעראַרישע כאַליאַסטרע אין פּוילן.

„אויף אַן ערך 150 זײַטן 47 נײַע פּאָעטן, אַלע 47 לויטער זשעניען... נישט קיין איינציקן איז מעגלעך צו פֿאַרשטיין... קאָנט איך יעדן איינציקן לייענען פֿון הינטן אַרויף, פֿון לינקס אויף רעכטס, און מיט דעם זעלביקן געניאַלן דערפֿאָלג פֿון נישט פֿאַרשטיין" [25]... פֿאַר אַזאַ אַפּיקורסות האָט פּרץ מאַרקיש געגעבן נאָמבערגן דעם טיטל „אַטאַמאַן" — ער וויל, הייסט עס, דיקטירן און באַפֿעלן ווי צו שרײַבן... די צײַט האָט אָבער געוויזן, ווער עס האָט אויסגעפֿאָלגט די באַפֿעלן... מיט אויסערגעוויינטלעכער קלאָרקייט און נישט וויינִיקער טיפֿקייט האָט נאָמבערג געוויזן אַ סך מאָל, אַז אים האָט מען אין דעם נישט געקאָנט באַשולדיקן, אדרבה, פֿון דער גאַנצער שרײַבערײַ וועגן זײַן אַרײַנלאָזן זיך טייל מאָל אין צווייפֿלען איז גאָר אַרויפֿגעשווומען די פֿראַגע: „צי איז נאָמבערג דער דיכטער פֿון אָנמעכטיקייט?" [26]

נאָמבערג, וועלכער „האָט אָנגעשריבן די האָפֿענונגסלאָזסטע בלעטער פֿון דעם לעבן און שטרעבן פֿונעם מאָדערנעם ייִדישן מענטשן, פֿון „פֿליגלמאַנען" — גראָד ער „שרײַבט־אָן די צוואה פֿון בלינדסטן גלויבן אין ייִדישן לעבן, די צוואה פֿון אייביקן ייִדישן בטחון, דאָס בוך פֿון דער משפּחה", וואָס צוליב דעם ווערט ער אַזוי פּאָלקיסטיש, אַז „ער ווערט דער הייסטער חסיד פֿון ווײַסגבערגיזם" [27]... פֿון די סתּירות איז אַרויסגעקומען האַרמאָניע. און טאַקע אינעם ליכט פֿון די אַ סתּירות זעט מען בעסער די ייִדישע פּערזענלעכקייט אויפֿן שיידוועג פֿון צײַטן. דאָס איז דער גײַסטרײַכער ייִד, וואָס „האָט געליטן פֿון צו פֿיל אײַנפֿלוסן" און „געזוכט סינטעז צווישן אַלעמען", צו קענען פֿאַרט „דורך אַלע זײַנע זוכענישן" דערשײַנען ווי „דער גאַנצער מענטש" [28].

---

[25] „זיבן זשעניען זײַנען אונדז געבוירן געוואָרן", אין דאָס בוך „פּעליעטאָנען, ז' 264.

[26] ב. י. ביאַלאָסטאָצקי — פּאַרויס נ' 4, וואַרשע 18 פֿעברואַר 1938.

[27] י. טרונק — צווישן ווילן און אָנמעכטיקייט, וואַרשע 1930, ז' 171.

[28] ב. י. ביאַלאָסטאָצקי — ד"ז.

## אונטער דער ווירקונג פֿון פֿאָלקסלעבן

אין 1898 האָט פּרץ געשריבן פֿון וואַרשע קיין זגערזש צו נאָמבערגן: „מײַן פֿרײַנד, שוין צוויי וואָכן ווי דײַן בריוו ליגט בײַ מיר אויפֿן טיש, און איך ווייס נישט וואָס דיר צו ענטפֿערן... אַנשטאָט קלאָגן זיך — בעסער ענדער זיך! בײַ מיר קענסטו זײַן אויך אַ פּראָ־אָדם, איך קען דיך שעצן אויך אָן הויזן, אָבער דער עולם, וואָס יעדער איינער פֿון אונדז נייטיקט זיך אין אים, וויל זען דעם אויסער־לעכן מענטש" [29].

פֿון אָנהייב האָט דער תּלמיד זיך אַנטי... געשטעלט דעם רבין. אויף אַלץ פֿרעגט ער הבל־הבֿלימדיק: צו וואָס? ווען פּרץ זאָגט אים, אַז מיטן שרײַבן וועט ער „ברענגען נוצן, וועט איר זײַן מאָראַליש צופֿרידן", וויל נאָמבערג אַלץ אָפּפֿרעגן. פּרץ איז אים פֿאָרט מנצח. ער האָט פֿאַר אים געפֿונען אַ רפֿואה און די רפֿואה הייסט: פֿאָלקס־לעבן. אינעם פֿאָלקסלעבן האָט ער געפֿונען לעבנסווילן און בטחון ער איז נישט קיין סאָציאַליסט, ער זעט אָבער די סאָציאַלע עוולות, פּונקט ווי ער זעט די נאַציאָנאַלע קרומקייטן, און ער טרעט קעגןביידע אַרויס. פֿאַר ווענען איטשע־מאיר ווײַסנבערג איז געווען אַ ווילדקייט אין אַ סענסאַציע, פֿאַר זײַן קאַמף קעגן די ליטוואַקעס, פֿאַר זײַן „זשעלעכאָווער אָרטאָגראַפֿיע" און פֿאַר זײַן זידלען גדול־דיקע שרײַבערס, אַ קאַמף וואָס איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַן אויס־דרוק פֿון עם־הארצות; פֿאַר נאָמבערגן איז אָבער דער דאָזיקער טאַלאַנטפֿולער שריפֿטשטעלער, וועמען מ'האָט אָפּגעצאָלט מיט זיד־לערײַען, „אַ פּראָטעסט פֿון אונטן, אַ דומפּיק געשריי פֿון עפּעס אַ מאַסע, אַ פֿאַרהאָרעוועטע, נידעריק געהאַלטענע פֿון גבֿירים און וויללערנערס" [30]. פּונקט ווי ער האָט געזען (און געוויזן) מיט אַ

---

[29] י. ל. פּרץ — בריוו און רעדעס, נ"י, ז' 218.

[30] ה. ד. נאָמבערג — „ווידער ווייסנבערג", דער מאָמענט, וואַרשע 26 דעצעמבער 1924.

צעטרייסלענדיקער קלאָרקייט, ווי די יעווסעקן האָבן מיט די אייגענע הענט ליקווידירט דאָס יידישע לעבן. דאָס בילד, ווי דער גוי פֿאָדערט פֿאַר די יידן נאַציאָנאַלע רעכט, אָבער די יידקאָמוניסטן דערשרעקן זיך פֿאַר אָט דעם נאַציאָנאַליזם און ווילן אויספֿועלן, אַז מ׳זאָל נישט פֿאָלגן דעם גוי — דאָס איז אַ ראַדיאָגראַפֿיע פֿון דער יעווסעקציע פֿאַר דער געשיכטע [31].

נאָמבערגס פֿאַרליבטקייט אין פֿאָלק האָט זיך אויסגעדריקט אין זײַן באַגײַסטערונג פֿאַר פֿאָלקלאָר. אין זײַן נאַציאָנאַליזם האָט ער זיך אָבער געהיט נישט אַרײַנצופֿאַלן אין שאָוויניזם. דערפֿאַר איז ער געווען קעגן אַחד־העמען, בײַ וועמען „דאָס אַבסטראַגירן איז דער־גאַנגען ביז צו שאַפֿן אַ פֿעטיש, אַן אָפּגאָט אין געשטאַלט פֿון רוח היהדות", בעת „די רעאַלע באַדערפֿענישן פֿון דער 12מיליאָניקער מאַסע פֿאַרלירט זיך אין גאַנצן פֿון האָריזאָנט", אַנטקעגן וואָס „מיר ווילן אַ נאָרמאַלע, געזונטע טעטיקייט אומעטום, ווו דאָס איז מעגלעך און אויף וויפֿל דאָס איז מעגלעך" [32]. דער דאָזיקער געדאַנקענגאַנג פֿירט נאָמבערגן צום יידישיזם. ער איז טאַקע געווען איינער פֿון די טאָנגעבערס אויף דער ערשטער יידישער שפּראַך־קאָנפֿערענץ אין טשערנאָוויץ, אין 1908. ער האָט עס צוזאַמען מיט זשיטלאָווסקין און שלום אַשן פֿאָרגעלייגט די רעזאָלוציע (וואָס איז אָנגענומען געוואָרן מיט אַ קליינטשיקער ענדערונג). „די ערשטע קאָנפֿערענץ פֿאַר דער יידישער שפּראַך — זאָגט זי — אָנערקענט יידיש פֿאַר אַ נאַציאָנאַלע שפּראַך פֿון יידישן פֿאָלק און פֿאָדערט איר פּאָליטישע, קולטורעלע און געזעלשאַפֿטלעכע גלײַכבאַרעכטיקונג". ער מאָנט אָבער צו דער זעלביקער צײַט, מ׳זאָל פֿעסטשטעלן „וואָס פֿאַר אַן אָרט דאַרף פֿאַר־נעמען העברעיִש אין אונדזער שול", ווײַל ער „וואָלט געהאַלטן פֿאַר

---

[31] דער צוזאַמענשטויס אויף דעם געזערד־צוזאַמענפֿאָר, אַ פּרעכטיקע פּרשה פֿון לעבנס־חכמה, איז געדרוקט אין דעם באַנד מוסטערווערק.

[32] „פֿאָלק און נאַציאָן", זאַמלבוך נײַע היימען, וואַרשע 1921, ז׳ 78—80.

אַ נאַציאָנאַל אומגליק, ווען ייִדן זאָלן פֿאַרגעסן העברעיִש״[33]. ווייסן מיר דאָך, אַז „אַש און נאָמבערג, יעקבֿ פֿיכמאַן און פּרץ הירשביין, י. ד. בערקאָוויטש און ז. שניאור זײַנען פּונקט אַזוי ווי די עלטערע מענדעלע און פּרץ, סאָקאָלאָוו און פֿרישמאַן, מיכה־יוסף בערדיטשעווסקי און יהודה שטיינבערג געווען אָנגעלייגטע געסט סײַ אין דער העברעיִשער, סײַ אין דער ייִדישער פּרעסע, סײַ אין דער העברעיִשער, סײַ אין דער ייִדישער ליטעראַטור״[34]. נאָמבערג איז געווען צווישן די פּיאָנערן פֿון סינטעז צווישן דער אַלטער און נײַער ייִדישקייט. „בײַ אונדז — האָט ער געזאָגט — דאַרף אויפֿהערן די טיילונג פֿון אינטעליגענץ און פֿאָלק; די ערשטע מוז ווערן פֿאָלקסטימלעך״[35]. און „אַזוי ווי אין אַלץ אין זײַן לעבן האָט ער ליב געהאַט גיכע אַנטשיידונגען״[36] (פּונקט פֿאַרקערט ווי די העלדן אין זײַנע נאָוועלן), האָט ער זיך אומגעריכט אײַנגעשטעלט פֿאַר די קאָלאָניסטן בײַ דער יִק״אָ. ווען ער איז אָנגעקומען אין בוענאָס־אײַרעס, האָט ער געמיינט, אַז מען טרײַבט שטאַרק איבער מיט דער קריטיק קעגן באַראָן הירשס אַדמיניסטראַציע, „באַשולדיקנדיק די יִק״אָ אין דעם דורכפֿאַל און שיִער נישט אין דער צעפֿאַלונג פֿון דעם ייִדישן קאָלאָניזאַציע־וועזן אין לאַנד״. אַז ער איז אָבער צוריקגעקומען פֿון די קאָלאָניעס, האָט ער זיך אַנטשלאָסן און אָנגעשריבן „און די יִק״אַ שווײַגט״ — אַ קורץ אַרטיקעלע, וואָס איז פֿון די שענסטע און שטאַרקסטע אין

---

[33] די ערשטע ייִדישע שפּראַך־קאָנפֿערענץ, ייִוואָ, ווילנע 1931, ז׳ 211, 66, 84.

[34] ש. ניגער — די צווייִשפּראַכיקייט פֿון אונדזער ליטעראַטור, דעטראָיט 1941, ז׳ 112.

[35] צו וואָס „אַ נאַציאָנאַלע שפּראַך״, צום 1טן מאָל געדרוקט אין טעאַטער־וועלט, נר׳ 1—2, וואַרשע 1908, איבערגעדרוקט אין די ערשטע ייִדישע שפּראַך־קאָנפֿערענץ אין 1931 און אין זאַמלבוך דער ייִדישער געדאַנק אין דער נײַער צײַט, נ״י 1957.

[36] מלך ראַוויטש — מײַן לעקסיקאָן, מאָנטרעאַל 1945, ז׳ 141.

ייִדישער פּובליציסטיק [37]. נאָמבערג איז אײַנגעגלויבט, אַז „מענטש־לעכער אידעאַליזם און איבערגעגעבנקייט ווערן קיין מאָל נישט פֿאַר־פֿאַלן אָן נוצן". דערפֿאַר האָט ער געהאַלטן, אַז די חלוצישע באַוועגונג איז אַ ברכה נישט בלויז פֿאַר ארץ־ישׂראל, נײַערט פֿאַרן ייִדישן לעבן אין אַלגעמיין, ווײַל „יעדער אידעאַליזם, פֿון ווילדסטן ביז צום קולטורעלסטן און ראַפֿינירטסטן, פֿון פֿאַנאַטישסטן ביז צום „וויסנ־שאַפֿטלעך באַגרינדעטן", האָט באַפֿרוכטיקט די ערד" [38]. מיט דער דאָזיקער אײַנשטעלונג האָט ער פֿאַרויסגעזען די גרויסע פּראָצעסן אין דעם ייִדישן לעבן פֿון נאָרד־אַמעריקע. אַנטקעגן די „דרײַ קופּים" (קעמפּערס קעגן קונסט) האָט ער פֿאַרויסגעזאָגט דעם אויפֿקום פֿון דער אייגענער ייִדישער ליטעראַטור אין אַמעריקע. דערזען, ווי אין סאָציאַליסטישע היימען באַווײַזן זיך קינדער מיט יאַרמולקעס אויף די קעפּ. ווי פֿילאַנטראָפּיע ווערט ממש אַ נאַציאָנאַלע וויסנשאַפֿט און אַ פּראָפֿעסיע. ווי דער „גרינהאָרן" איז אין ניו־יאָרק אַ לײַדנשאַפֿט־לעכער „פּאַטריאָט פֿון זײַן שטאָט און פֿון איר „עלעקטריק טשער"; אַז „עס באַפֿאַלט אַזש אַ שרעק צו קוקן אין דעם תּהום וואָס ווערט געעפֿנט פֿאַר מײַנע אויגן"... ער האָט דערבײַ געזען די אַמעריקאַנער פֿרײַהייט ווי „די פֿרײַהייט פֿון שלאָג דיר קאָפּ אין וואַנט, נישט מײַן באָבעס דאגה" [39]... אָט אַזוי קלאָרזיכטיק און טיפֿזיניק האָט ער באַ־נומען דעם אייגנאַרטיקן פּראָצעס פֿון אַרגענטינער ישוב, ווו „זעלטן איינער פֿון די ערשטע עמיגראַנטן איז געקומען מיט זײַן אייגענעם ווילן, מיטן אייגענעם באַשלוס: אָדער ער שטאַמט פֿון דער ערשטער באַראָן הירש־עמיגראַציע און איז געקומען מיט אַ פּאַרטיע, אָדער ער איז געלאָפֿן פֿון פּאָגראָמען, אָדער עס האָט געפֿעלט אויף אַ שיפֿ־

---

[37] יוסף מענדעלסאָן — „ה. ד. נאָמבערג אין בוענאָס־אײַרעס", אַ מאָל אין אַ האַלבן יאָרהונדערט, ב"א 1943, זז' 407—431.

[38] „עמק יזרעאל", קאַפּיטל פֿון ארץ־ישׂראל.

[39] אין צפֿון־אַמעריקע, קאַפּ' „ניו־יאָרק זינגט איר ליד", „ווו איז די פֿרײַרי", „ייִדן זײַנען אַל רײַט אין אַמעריקע".

קאַרטע קיין ניו־יאָרק, אָדער אַן אַגענט פֿון אַ שיף־געזעלשאַפֿט האָט אים פֿאַרנאַרט". אין אַרגענטינע האָט ער דערפֿילט, אַז „ווען יידישע שרײַבערס וואָלטן וויסן, וואָסער ראָלע זיי שפּילן און וואָסערע נאַציאָנאַלע פֿונקציע זיי פֿולן־אויס אין דער נשמה פֿון די מאַסן, וואָלטן זיי דערשראָקן געוואָרן פֿאַר דער גרויסער אחריות, וואָס זיי טראָגן אויף זיך". מיט אַזאַ אחריות האָט ער אַרויסגעפֿירט פֿאַר דער ברייטער יידישער וועלט דעם שרײַבער מרדכי אַלפּערסאָן, „אַ יידישער ראָבינזאָן קרוזאָ". אַלפּערסאָנס 1טער באַנד 30 יאָר יידישע קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע, דערשינען אין בוענאָס־אײַרעס אין 1922, וואָלט מסתּמא געבליבן אין אַ ווינקל, פּונקט ווי די שפּעטערדיקע צוויי בענד, ווען ניט נאָמבערג וואָס האָט דאָס 1טע בוך געלאָזט איבערדרוקן אין בערלין אין 1923 מיט זײַנעם אַ פֿילזאָגנדיקן אַרײַנפֿיר — אַ דאַנק אים איז „אין אַרגענטינע" איינס און צוויי געוואָרן פֿון די געזוכטסטע און פּאָפּולערסטע יידישע ביכער אומעטום[40]. ער האָט נישט בלויז באַזונגען „די קרוין פֿון די יידישע קאָלאָניעס", מאָזעסוויל, נאָר אויך געהאַלטן פֿאַר זײַן חובֿ צו דערמוטיקן „די שפּראָצונג" פֿון דער יידישער ליטעראַטור אין בוענאָס־אײַרעס, וועלכע „האָט אַרום זיך אַ פֿיל גינסטיקערע אַטמאָספֿערע ווי עס האָט געהאַט אַמאָל די צפֿון־אַמעריקאַנישע", ווײַל „דער עמיגראַנט וואָס פֿאָרט הײַנט קיין אַרגענטינע — האָט נאָמבערג געשריבן אין 1924 — שטייט דאָך קולטורעל מיט פֿיל קעפּ העכער ווי דער עמיגראַנט קיין ניו־יאָרק פֿון פֿאַר 30 יאָר"[41]. נישט ווייניקער ווײַטזיכטיק און טיפֿזיניק האָט נאָמבערג געשילדערט ארץ־ישׂראל, כאָטש ער האָט זיך דאָרטן געפֿונען „אין אַ ליבן שיכּרות פֿון די חושים". און פּונקט ווי ער האָט פֿאָרגעשטעלט די פֿאַרזייטע פֿאַר־

---

[40] דאָס בוך. פּעליעטאָנען. — אין לערנביכער זײַנען גיך אַרײַנגענומען געוואָרן פֿראַגמענטן פֿון אַלפּערסאָנס מעמואַרן.

[41] „ליטעראַרישע פּרוּחן אין אַרגענטינע" /חעגן זעגלען/, דער מאָמענט וואַרשע, 7 נאָוועמבער 1924.

אַכטונג צום גלות־לעבן און צו אַלץ וואָס איז אין גלות געשאַפֿן געוואָרן, האָט ער געזען, ווי אין קיבוצים „קאָכט זיך און ווערט געבוירן אַ ברייטערע וועלט־אַנשויונג, ווו עס ווערט געזוכט דער סינטעז צווישן דעם גלות־לעבן און ארץ־ישׂראל". ער האָט איינ־צײַטיק פֿעסטגעשטעלט, אַז א"י האָט אויפֿגעהערט צו זײַן „אַן אַל־געמיינע פֿראַגע", ווײַל אַ סך קענען זאָגן, אַז זי „פֿאַרענטפֿערט עפֿעקטיוו זייער פּערזענלעכע פֿראַגע. „פֿאַראַן זאַכן — האָט נאָמבערג דעפֿינירט — וואָס זייער נייטיקייט איז אײַך קלאָר אינטויִטיוו, אומ־מיטלבאַר, ווי למשל, די נייטיקייט פֿון אײַער אייגענער עקסיסטענץ — ארץ־ישׂראל געהערט צו די זאַכן"[42].

נאָמבערג דער פּובליציסט, דער וואָרטזאָגער, קען זאָגן ווי זײַן העלד עליאַש: „איך האָב אויסגעזען די וועלט, אומעטום ווו ייִדן שפּאַרן־אָן, און איך וועל אײַך ברענגען די טרייסט. מיר לײַטערן זיך, מיר ווערן שטאַרקער און געזינטער גײַסטיק און פֿיזיש. מיר בויען אומעטום לעבנס־צעלן". און דער עיקר: מיר זײַנען בעסער ווי אונ־דזערע עלטערן, אונדזערע קינדער וועלן זײַן בעסער פֿון אונדז.

דאָס האָט געזאָגט דער דאָזיקער שרײַבער, וועלכער האָט דורך זײַנע פֿליגלמאַנס און שוואַרצוואַלדס סיגנאַליזירט די סכּנה, וואָס האָט זיך אָנגערוקט אויפֿן ייִדישן פֿאָלק בײַם אָנהייב פֿון 20סטן יאָרהונ־דערט, אַז אונדזער אַחריותדיקער ליטעראַטור־קריטיקער. האָט זיך אַרויסגעכאַפּט: „נעמט־צו פֿון דער ייִדישער אינטעליגענץ עטלעכע גע־ציילטע אַקטיווע, געזונטע פּערזענלעכקייטן — און איר האָט פֿאַר זיך אַ קאָלעקטיוון פֿליגלמאַן... די קאָמעדיע פֿון דער ייִדישער אינטעלי־גענץ"[43].

---

[42] ארץ־ישׂראל, זז' 35, 144, 147, 152, ווי אין קאַפּיטלען פֿון באַנד מוסטערווערק.

[43] ש. ניגער — „אויף דער גרענעץ פֿון טויט און לעבן", ליטעראַרישע מאָנאַטסשריפֿטן, בוך 2, מאַרץ 1908. די דאָזיקע שורות, ניגערס, זײַנען אין זײַנע געזאַמלטע שריפֿטן נישט געדרוקט — זאָל עס זײַן דערפֿאַר, ווייל זיי האָבן שפּעטער געקלונגען צו־שאַרף?

מיט אַ דעם טיפֿן חוש צו דערשפּירן פּראָצעסן פֿון יידישן לעבן האָט נאָמבערג סיגנאַליזירט די אומרוען, בענקשאַפֿטן און קאַמף־גרייטקייט פֿון פֿאָלק דורך „אַ וויגליד", וואָס איז אויפֿגעכאַפּט געוואָרן דורך דער יידישער מאַסע, איבער הויפּט דורך די דערשלאָגענע אַר־בעטערס, און געוואָרן אַן עמאָציאָנירנדיקער שטאָף פֿאַר כאָרגעזאַנג [44].

אינספּירירט פֿון פֿאָלק, האָט דער סקעפּטיקער נאָמבערג געוועקט צו עבֿודת־הבורא אין אַ מאָדערנעם נוסח און גערופֿן: „שטייט־אויף, מענטשן, שטייט־אויף צו דינען זיך זעלבסט! הייליק איז דער מענטש!" [45].

שמואל ראָזשאַנסקי

---

[44] יוסף אַחרון האָט געשאַפֿן פֿאַר דעם ליד מוזיק פֿאַר געזאַנג און פּיאַנאָ אין לענינגראַד, אין 1947, פֿאַר כאָר געשאַפֿן מוזיק אין האָליוווד, אין 1940, געדרוקט אין כאָרן זינגען, בוך 2, רעד' לאַזאַר ווײַנער, נ"י 1940.

[45] „מען וועקט", שריפֿטן ב' 4, וואַרשע תרס"ט, ז' 79.

# אַ וויגליד

ס׳לויפֿן, ס׳יאָגן שוואַרצע וואָלקנס,
ס׳פֿײַפֿט און ברומט דער ווינט —
פֿון סיביריע שיקט דײַן טאַטע
דיר אַ גרוס, מײַן קינד!

נאָר דער ווינט — ער ברענגט אונדז גרוסן
פֿון דעם קאַלטן לאַנד;
דאָרטן שטייט ער: אַ לאָפּאַטע
האַלט ער אין דער האַנט.

און ער גראָבט אַלץ טיפֿער, טיפֿער,
וואַרפֿט די ערד אַרויס.
ניט געזאָרגט דאָך! פֿאַרן שקר
גראָבט ער קבֿרים אויס.




ניט דער ערשטער, ניט דער לעצטער
פֿאַלט ער אויפֿן פֿעלד!
זאָרג ניט, קינד מײַנס, דיך געבוירן
האָט אַ גרויסער העלד.

און אַ [illegible]ילד וועסטו אויסוואַקסן,
שלאָף־[illegible]ייז, שלאָף אַצינד!
זאַמל כּוחות פֿאַר דער צוקונפֿט,
זאַמל, איינציק קינד!

# אוי, ווײ, און כאַ־כאַ־כאַ, אוי־אוי

(קופּלעטן)

## I

אַ שאָטן איז דעם מענטשנס לעבן —
אוי, יאָ! עס איז אַזוי.
ער יאָגט דאָס גליק און טרעפט דערנעבן,
און יאָגט, און פאַלט. אוי־אוי!
כאַ־כאַ! ער יאָגט און לויפט.
אוי, ווײ! דאָס גליק אַנטלויפט.
די צײַט
פאַרגייט.
אַליין
בלײַבט שטיין
דער מענטש און זעט: דער קאָפּ איז גרוי!
ער פרעגט דערשטוינט: „ווו איז דער ציל?"
און לאַכט מיט גאַל: „דער סוף פון שפּיל!"
אוי, ווײ, און כאַ־כאַ־כאַ, אוי־אוי!

## II

די וועלט איז נאַריש און פאַרדאָרבן —
אוי, יאָ! עס איז אַזוי.
זי האָט פיל האָב און גוטס דערוואָרבן,
און נויט — נאָך מער. אוי־אוי!
כאַ־כאַ! דאָס געלט באַגליקט.
אוי, ווײ! די נויט דערשטיקט.
איך שעלט
די וועלט
מיט האַק און פּאַק
און טראַכט דערבײַ מיר שטיל אַזוי:
און שלאָגט די וועלט זיך קאָפּ אין וואַנט —

בלײַב רויִק, האַרץ! זיי קלאָר, פאַרשטאַנד!
אוי, ווײ, כאַ־כאַ־כאַ, אוי־אוי!

III

מײַן מיידל איז אַ ליד פון לידער —
אוי, ווײ, כאַ־כאַ־כאַ, אוי־אוי!
אַ קרוין אַ קאָפּ, געטאָקטע גלידער
און אויגן צוויי — אוי־אוי!
כאַ־כאַ! זי לאַכט און שמײַפט.
אוי, ווײ! זי בײַסט מיט גיפט.
איר בליק
גיט גליק.
זי קושט —
דערפרישט.
איר מילדקייט איז פרימאָרגן־טוי —
דאָך שפּילט זי איצט אויף יענעמס שויס!
זײַ רויִק, האַרץ, און לאָז דיך אויס!
אוי, ווײ, און כאַ־כאַ־כאַ, אוי־אוי!

— א —

מוזיק: אליהו קאַנטאָר

CANTO

A sho—tn iz dem men—tshns le—bn

oi io es iz a zoi er iogt dos glik un

treft der — ne — bn un iogt un falt oi oi oi —

cha — cha — er iogt un loift oi wei

dos glik ant — loift di tzait far —

geit a — lein blaibt shtein der

mentsh un zet der kop iz groi er

fregt der — shtoint wu iz der tzil un

lacht mit gal der sof fun shpil oi

wei un cha — cha — cha oi oi

— ב* —

A sho — tn iz dem men — tshns

le — bn — oi io es iz a — zoi er

sogt dos glik un treft der — ne — bn —

un sogt un falt — oi oi oi

cha — cha — cha er sogt un loift oi

oi oi wei dos glik am — loift

di tzait far — geit a — lein blaibt shtein

der mentsh er zet der kop iz groi er

---

* אין פוילן איז ה. ד. נאָמבערגס ליד געזונגען געוואָרן מיט דעם דאָזיקן ניגון. מיר האָבן דעם ניגון אויפגענומען ביי משה לייוואַ. עס איז אונדז נישט געלונגען פעסטצושטעלן, ווער עס איז דער מחבר פון דעם געזאַנג־מאָטיוו, וואָס האָט בולטע דעקלאַמאַטאָרישע שטעלן.

fregt der — shtoint wu iz der tzil un

lacht mit gal der sof fun shpil

oi wei* un cha — cha — cha

cha — cha — cha oi oi oi oi

— *ג —

A sho — tn iz dem men — tshns

le — bn oi io es iz a —

zoi er iogt dos glik un treft der-

ne — bn un iogt un falt oi oi

cha cha cha er iogt un loift oi

wei dos glik dos glik ant — loift di

tzait far—geit a—lein blaibt shtein der
mentsh un zet der kop iz groi er
fregt der—shtoint wu iz der tzil un
lacht mit gal der sof fun shpil oi
wei un cha cha cha oi oi oi

---

* מיט דעם ניגון, וואָס זיין מחבר איז פאַר אונדז אויך אומבאַקאַנט, איז „אוי, יויי. כאַ־כאַ־כאַ!" געזונגען געוואָרן אין אַרגענטינע. מיר האָבן דעם ניגון אויפגענומען פון רחל בורסוק־גאָראָדיסקי

**
*

קאָן איך דען פאַרשטיין,
וואָס עס איז מיט מיר,
אַז מײַן שטאָלצן קאָפּ
בייג איך אײַן פאַר דיר?

קאָן איך דען פאַרשטיין,
וואָס בײַ דיר דערוועקט
מײַן פאַרליבטער בליק,
ווען ער בעט און פרעגט?

דירט ער שטיל דײַן האַרץ,
אָדער שרעקט ער דיך?
האָסט דו מיטלײַד, קינד,
און באַדויערסט מיך?

אָדער לאַכסט דו גאָר
קינדיש, ווילד און פרײַ? —
.............................

זײַ געזונט, מײַן קינד,
כ'ליב דיך סײַ־ווי־סײַ.

***

איך קען אַ מיידל, זייער אַ שיינס,
איך זיץ בײַ איר גאָר גערן:
זי האָט אַ לאַנגן, שוואַרצן צאָפּ,
אַ שמאָלן, גלאַטן שטערן.

אַ מויל אַ קליינס, אַ פרישס, אַ רויטס,
וואָס עפנט זיך גאַנץ אָפּט;
צוויי ברוסטן קליינע און אַ האַרץ,
וואָס ציטערט און עס האָפּט.

בײַ איר אין שטוב איז אויפגערוימט,
דאָס בעט איז צוגעבעט...
מיר זיצן, ריידן, שעהן־לאַנג —
איך וויס נישט וואָס מען רעדט.

די ליפּן אירע רירן זיך.
— וואָס האָט מאַרי געזאָגט?
„הײַנט האָט די מאַמע אונדזער דינסט
פון שטוב אַרויסגעיאָגט".

— אַזוי? די דינסט? — פאַרטראַכט איך מיך
אוי־וואַ! אַ מאָדנע זאַך...
איך וואָלט די ליפּן אויסגעקושט,
און זיץ, און רייד, און לאַך.

אין דרויסן פאַלט די נאַכט שוין צו:
— „וואָס האָט איר אײַך פאַרטראַכט?"
איך כאַפּ מיך אויף: וווּ בין איך דען?
און זאָג: אַ גוטע נאַכט!

# די פאַרלאָזטע כלה

(פאָלקסמאָטיוו)

Bret — lech koif ich mir far gele
shlog ich zei tzu — za — men
boi ich mir a shi — f'e — le tzu
fo — rn i — ber i a — men
loz ich mich in weg a — rain
in dem weg in wai — tn
shprei ich mir a ze — gl oif a
lan — gn un a brei — tn

I

ברעטלעך קויף איך מיר פֿאַר געלט.
שלאָג איך זיי צוזאַמען,
בוי איך מיר אַ שיפעלע
צו פֿאָרן איבער ימען.

לאָז איך מיך אין וועג אַרײַן,
אין אַ וועג אַ ווײַטן;
שפּרייט איך מיר אַ זעגל אויף,
אַ לאַנגן און אַ ברייטן.

שפּרייט איך מיר אַ זעגל אויף,
בלאָזט אים אויף דער ווינט.
— ווינט, דו ווינט, מײַן שיפל טראָג
צו יענעם ברעג געשווינד!

אויפן ברעג פֿון גרויסן ים
איז אַ שטאָט פֿאַראַן,
גייט זיך דאָרט שפּאַצירנדיק
אַ בלאָנדער יונגערמאַן.

רעדט און שמייכלט חנעוודיק,
לאַכט און זינגט אַ ליד...
ווייסט ער כאָטש, אוי, פֿילט ער כאָטש
מײַן האַרץ, מײַן שווער געמיט?!

II

צווישן טאָג און נאַכט בײַם ברעג
בלײַבט מײַן שיפל שטיין;

זע איך אים שפּאַצירן דאָרטן
מיט אַ מיידל גיין.

האָט ער מיך דערזען און שרײַט:
— „רחלע, דו, מײַן!“
לויפט ער צו און שפּרינגט צו מיר
אין שיפעלע אַרײַן;

קושט ער מיך און האַלדזט ער מיך,
נעמט ער מיך אַרום...
פּלוצלינג לויפט דאָס מיידל צו
און קערט מײַן שיפל אום.

פאַלן מיר אין ים אַרײַן,
שלינגט אַ פיש אונדז אײַן...
שווימט אַוועק מײַן שיפעלע
טרויעריק, אַליין.

שווימען שווימט עס טאָג און נאַכט,
בייזע ווינטן יאָגן...
ווער עס וועט מײַן שיפל טרעפן,
זאָל ער קדיש זאָגן.



שיינע יוגנט, פרעג נישט, זוך נישט!
איַיל צום לעבן גיך, געשווינד!
ס'לויפן טעג, חדשים, יאָרן —
אַלצדינג טראָגט־אַוועק דער ווינט.

איבער בערגער, איבער טאָלן
בלאָזט אַ ווינט מיט שטאַרקער מאַכט,
שלעפּט־אַוועק דאָס גאַנצע לעבן
צו דער אומבאַקאַנטער נאַכט.

שיינע יוגנט, פרעג נישט, זוך נישט —
טרינק פון בעכער, ווען ער שוימט!
ביז דו פרעגסט און ביז דו ענטפערסט,
האָסטו שוין דיַין גליק פאַרזוימט.



עס בלייכט אויפן הימל מיַין שטערן
און בלאָנדזשעט, ווי איך אויף דער ערד.
אַ, פרעג מיך נישט — ווינקט ער מיר טרויעריק,
איך ווייס נישט — וואָס דיר איז באַשערט.

ווילסט וויסן, ווו ס'טראָגט זיך דיַין מזל?
דו זעסט דאָך, איך בלאָנדזשע אַליין;
אוי, טונקל איז היַינט אין די הימלען,
נישטאָ מער די געטלעכע שיַין.

מיר בלאָנדזשען, ווי שאָף אָן אַ פּאַסטוך,
אין אייביקן וועלטאַל אַרום...
אַ, פרעג נישט קיין שאלות, מיַין קינד —
עס בלאָנדזשעט היַינט אַלץ אומעטום.

## פון מיכה ו׳

עס ציטערן טורעמס און ווערן צעשטערט,
עס וואַקלט זיך שיכור די זינדיקע ערד.
און איר, אַ צופרידענע, רויִקע לײַט,
פאַרטאַנצט און פאַרהוליעט די ביטערע צײַט!
און זעט ניט וואָס ס׳טוט זיך, און ווייסט ניט וואָס שאַפט
אויף מאָרגן די רויע, די אײַזערנע קראַפט;
און ליגט אײַך באַרויִקט אויף בעטן פון ביין,
דערוואַכט נאָר צום פרעסן, צום זויפן דעם ווײַן.
אויך האַרפן, ווי דוד, פאַרשאַפט איר אײַך פיל,
די צײַט צו פאַרטרײַבן אין לוסטיקן שפּיל.
נאָר טאַנצן, נאָר הוליען, נאָר זויפן און פרעסן,
אין פרעמדן, אין אייגענעם לעבן פאַרגעסן!

„נישט צו שטראָפן אײַך האָט
מיך געשיקט אונדזער גאָט! —
אײַך וועט טרעפן זײַן שטראָף,
ווי אַ דונער אין שלאָף...
נאָר באַפוילן מיר האָט
דער אַלמעכטיקער גאָט:
אײַך אין פּנים צו שפּײַען,
אין די גאַסן צו שרײַען:
אוי, איך האָס און פאַראַכט
אײַער לעבן און פּראַכט!

# דער נביא

העם ההולכים בחושך

און זאָל דער וואָלקן זײַן ווי דיק,
דאָך שײַנט אים דורך מײַן שאַרפער בליק.
און ווען דער עולם זאָגט: „ס׳איז נאַכט״,
און ליגט פאַרחושכט און פאַרשמאַכט,
דאַן זע איך גיין אין הימל פרײַ
די ליבע זון, און וועק און שרײַ:
ס׳איז טאָג! אַ וואָלקן נאָר פאַרשטעלט
די זיסע ליכט פון אײַער וועלט.

עס בלאָזט אַ ווינט, איך ווייס, איך הער:
קוים קומט דער שטורעם נאָר אַהער
צערײַסט ער באַלד די שוואַרצע דעק
און טראָגט דעם וואָלקן ווײַט אַוועק.
דאָס בלינדע פאָלק! אַ העלע ליכט
באַשײַנט מײַן וועג און מײַן געזיכט...

# אלול־מאָטיוו

דער טאָג גייט־אויס אין שטילע פֿאַרבן,
אין מידיקייט. עס ווייט אַ קילער ווינט.
ווער רופֿט? אַליין בין איך געבליבן,
און נעבן מיר די אלול־נאַכט.

אַליין! ווילדפֿרעמד איז מיר דער הימל
און פֿרעמד דער גאָט, די אייביקייט.
דער טויט איז פֿרעמד, זײַן שטומע רו,
און טרויעריק, טרויעריק איז דאָס לעבן.

אַ רגע געדויערט דאָס גליק
און ווידער בלײַבט די איינזאַמקייט,
די איינזאַמקייט אין מיטן רויש פֿון לעבן,
די פֿינצטערניש אין מיטן העלן טאָג.

# דאָס גליק

(אַ מעשׂה)

אין אומבאַגרענעצטן וועלטאַל, אין אומגעהייערן קאָסמאָס איז געפֿלויגן אַ מלאָך.

שוין לאַנגע, לאַנגע יאָרן האָט ער זײַנע פֿליגל נישט צוזאַמענגענומען. שוין לאַנגע, לאַנגע יאָרן פֿליט ער און פֿליט אָן אויפֿהער.

וואָס אַ זון, ווי אַ שטערן, ווי אַ פֿאַרבלאָנדזשעטער קאָמעט, שטעלט ער זיך אָפּ און פֿרעגט:

— זאָגט מיר, זײַט מוחל, ווייסט איר ניט, ווו די ערד געפֿינט זיך?

און קוים דערהערט ער דעם ענטפֿער „ניין", פֿליט ער באַלד ווײַטער.

אַ שאָד אַ מינוט, אַן איבעריקע סעקונדע!

שוין פֿאַר גאָר־גאָר לאַנגע יאָרן האָט דער מלאָך געהערט וועגן דער נויט פֿון די אומגליקלעכע מענטשן אויף דער ערד, וועגן דעם ווי שווער און ביטער עס לעבט זיך זיי — און זײַן מלאָכיש האַרץ איז פֿול געוואָרן מיט רחמנות. דעמאָלט איז ער אַנידערגעפֿאַלן מיט אַ געוויין פֿאַרן כּסא־הכּבֿוד און געבעטן פֿאַר די מענטשן דאָס גליק, און גאָט האָט זײַן תּפֿילה אָנגענומען, און באַלד האָט ער אים דאָס גליק איבערגעגעבן, צו ברענגען עס צו די אומגליקלעכע מענטשן אויף דער ערד.

פֿון דעמאָלט אָן איז ער אַראָפּ פֿון זיבעטן הימל און בלאָנדזשעט צווישן זונען, שטערן און קאָמעטן, און זוכט זי — די ערד.

אין זײַן רעכטער האַנט האַלט ער דאָס גליק. לײַכט באַוועגן זיך זײַנע ווײַסע פֿליגל אין דעם דינעם עפּיר[1]. טויזנטער יאָרן זײַנען

[1] עטער.

שוין איבערגעגאַנגען, מיליאָנען סיסטעמען איז ער שוין דורכגע־פלויגן — קיינער ווייסט נישט, ווו די ערד מיט אירע אומגליקלעכע מענטשן געפינען זיך.

ציטנווייז קאַפּעט פון דעם מלאָכס אויג אַ טרער. אָ, ווער ווייסט, צי זיינע ליכטיקע פליגל טראָגן אים נישט אַוועק פון דער ערד?

און דאָך — אַ מלאָך!

נישט אויף זיין לאַנג פאַרוואָגלט זיין, נישט אויף זיין לאַנגער מי און נוצן קאַפּעט זיין טרער, נאָר אויף די אָרעמע מענטשן, וואָס דאַרשטן און שטרעבן צו דעם גליק, וואָס ער, דער מלאָך, טראָגט אין זיין רעכטער האַנט.

— זאָגט מיר, זייט מוחל, ווייסט איר ניט, ווו די ערד מיט אירע אומגליקלעכע מענטשן געפינען זיך?

— ניין.

און פליט באַלד ווייטער, באַגייסטערט מיט זיין אידעאַל.

די וועלט דערווייל ווערט אַלט און נייַ. עס וועקסלען זיך מענטשן, אידעאַלן און רעליגיעס — און דאָס אומגליק הערשט אין איר אומעטום!

— ווו נעמט מען דאָס גליק?! — זיפצן די אומגליקלעכע מענטשן.

אַ מאָל האָט אַן אַלטער שטערנזעער, אַן אַסטראָנאָם, נאָכגעקוקט אַ פאַרבלאָנדזשעטן קאָמעט. אַ לאַנגע צייט האָט ער זיין אויג נישט אַראָפּגענומען פון שפּאַקטיוו, וואָס ער האָט נאָכגעקערעוועט וווהין נאָר דער קאָמעט האָט זיך געווענדט. אַפילו ביים עסן אָדער שלאָפן האָט ער זיין השגחה נישט אָפּגעטאָן פון אים. דעמאָלט האָט ער זיין יונגן זון אויף זיין אָרט געשטעלט און — קוים נאָר געענדיקט עסן — ווייטער זיך צוריק אַליין גענומען קוקן דורך דעם שפּאַקטיוו.

דעם קאָמעט האָט עס זייער פאַרדראָסן:

— וואָס וויל דאָרט דער אַלטער מכשף פון מיר?! וואָס ס׳טייטש? אַ גנבֿ בין איך, אַז מען זאָל פון מיר קיין אויג נישט אַראָפּלאָזן?

דער קאָמעט איז נאָך מער בייז געוואָרן.

פלוצלינג פליט־צו צו אים דער מלאך און פרעגט מיט זײַן טרויעריק זאַנפטיקער שטימע:

— זאָגט מיר, זײַט מוחל, ר׳ קאָמעט, ווייסט איר נישט ווו די ערד מיט אירע אומגליקלעכע מענטשן געפינען זיך?

— אויף דער ערד מענטשן? — ענטפערט דער קאָמעט בייז — דאָרט זײַנען פאַראַן נאָר אַלטע מכשפים און יונגע רוצחים...

— אַך, די אָרעמע מענטשן! — האָט דער מלאך געזיפצט — אַלץ, נעבעך, פאַר גרויס אומגליק! ניין, ר׳ קאָמעט, בייזערן זיך טאָר מען נישט. פײַנט האָבן איז אַן עבירה...

און דאָס גליק אין זײַן רעכטער האַנט האָט געגלאַנצט און געבלישטשעט, אַז אַפילו דעם קאָמעט, קוקנדיק דערויף, איז ליכטיק געוואָרן אין די אויגן און לײַכטער אויף דער טריבער מיזאַנטראָפּישער נשמה.

— ווו איז די ערד?

דער קאָמעט האָט אים אָנגעוויזן מיט אַ לאַנגן, דיקן שטראַל אויף דעם אָרט, ווו די ערד געפינט זיך.

— אַך, ווי ווײַט פון הימל די ערד האָט פאַרבלאָנדזשעט! — האָט שטילערהייט געזיפצט דער מלאך — און אַלץ פאַר גרויס אומגליק!

און ער האָט זיך באַלד געלאָזט אין וועג אַרײַן.

אויף דער ערד, דערווײַל, האָט דער אַסטראָנאָם באַמערקט דעם מלאך און געזען דורכן שפאַקטיוו אַ גלאַנצנדיקע זאַך אין זײַן רעכטער האַנט. און אַזוי ווי אַ נביא האָט שוין לאַנג נביאות געזאָגט, אַז עס פליט אַ מלאך מיט גליק, האָט זיך דער שטערנזעער באַלד משער געווען, אַז דאָס טראָגט איצט דער מלאך דאָס גליק פאַר די מענטשן...

און באַלד האָבן די צײַטונגען צעטראָגן דאָס נײַס אויף דער גאַנצער וועלט.

— עס פליט אַ מלאך מיט גליק... — האָט מען געשמועסט ווו נאָר עס געפינען זיך מענטשלעכע מײַלער.

אַלע שטערנזעערס האָבן אָנגעשטעלט זייערע שפאַקטיוון און גע־

זען באַאַשײַנפּערלעך, ווי דער מלאָך קומט אַלץ נענטער און נענטער צו דער ערד.

זיי האָבן גענומען רעכענען און אויסגערעכנט, אַז אין דעם און דעם טאָג, אין דער און דער שעה, די און די מינוט, אויף דעם גראַדוס, וועט דער מלאָך אַראָפּקומען צו דער ערד.

אַז עס איז אָנגעקומען דער באַשטימטער טאָג, זײַנען זיך צוזאַמענגעקומען מענטשן פֿון אַלע לענדער אויף דעם באַשטימטן אָרט.

עס האָט אָנגעהויבן ווערן ענג. מען האָט אָנגעהויבן איינער דעם אַנדערן דריקן, קריגן זיך, טיילן פּעטש... עס איז געקומען דערצו, אַז מען האָט גענומען זיך הרגענען איינער מיטן אַנדערן אויף טויט מיט מעסערס...

טײַכן מענטשנבלוט זײַנען געפֿלאָסן אויף דעם אָרט, און דאָס יאָמערן און קרעכצן פֿון די גוססים איז אויפֿגעגאַנגען ביז צום הימל...

דער מלאָך האָט דערזען פֿון ווײַטן, ווי די מענטשן דריקן און פֿרעסן איינער דעם אַנדערן, און פֿון דער הייך, האָט ער גענומען שרײַען מיט די לעצטע כּוחות:

— שלאָגט אײַך נישט! איך האָב גליק פֿאַר אַלע, פֿאַר אַלע.

נאָר זיי האָבן נישט געהערט.

אַז דער מלאָך איז געקומען נענטער צו דער ערד, אַז זײַנע ליכטיקע אויגן האָבן דערזען די צעשטאָכענע גוססים און דאָס מענטשנבלוט, און אַז זײַנע אויערן האָבן דערהערט דאָס יאָמערן און יאָכצען — האָט געקאַפּעט אַ טרער פֿון זײַנע ליכטיקע אויגן און איז געפֿאַלן אויף דעם גליק.

פֿון דעמאָלט אָן איז דאָס ליכטיקע גליק באַפֿלעקט געוואָרן.

מען דערציילט, אַז דער מלאָך, וואָס איז מיד און מאַט געווען פֿון זײַן לאַנגער נסיעה און פֿון דעם, וואָס זײַנע אויגן האָבן געזען אויף דער ערד — איז פֿאַרחלשט געוואָרן און דאָס גליק איז אַרויסגעפֿאַלן פֿון זײַן רעכטער האַנט.

# צווישן טאַטע-מאַמע

— 1 —

יצחק, אַ יינגל פֿון עלף יאָר, האָט געהאַלטן אין מיטן זאָגן דעם שיעור. ער האָט זיך אַ סך מאָל פֿאַרהאַקט און אים איז אַ חידוש געווען, פֿאַר וואָס דער רבי בייזערט זיך נישט און העלפֿט אים אַלץ אונטער. דעם רבינס קול, אַז ער האָט גערעדט צו אים, איז געווען ווייך, גאָר נישט ווי געוויינלעך. נאָך מער פֿאַרוווּנדערט האָט אים, וואָס די בייזע רביצין, גייענדיק אַריַין און אַרויס פֿון דער שטוב, האָט זיך יעדעס מאָל אָפּגעשטעלט, געקוקט אויף אים און געזיפֿצט:

— ער איז שוין מיד, נעבעך! — האָט זי געזאָגט.

דער רבי האָט אויף דעם געענטפֿערט יצחקן:

— זע צו קענען דעם שיעור. דו פֿאָרסט הײַנט אַוועק קיין וואַרשע. דער טאַטע וועט דיך פֿאַרהערן...

און בײַ דעם וואָרט „טאַטע" גיט דעם קינדס האַרץ אַ פֿעסטן קלאַפּ. ווײַל זינט די מאַמע האָט זיך געגט מיטן טאַטן האָט ער דאָס דאָזיקע וואָרט נאָך נישט אַרויסגערעדט. דערפֿאַר אָבער, בײַ די לעצטע ווערטער „פֿאָרן קיין וואַרשע", ווערט אים פֿריילעכער אויפֿן האַרצן. ער פֿילט זיך אַנגעטאָן אין שבתדיקן פּאַלטנדל [1], ריין און פֿריש. עס שטעלן זיך אים פֿאָר: אַ בעל-עגלה; פֿעלדער און וועלדער; דערנאָך ערשט די באַן; עס פֿײַפֿט און מע פֿאָרט...

ער האָט דערווײַל פֿאַרגעסן, ווו ער האַלט. דער רבי ווײַזט אים אָן און טרייסט אים:

---

[1] מאַנטעלע.

— זײַ נישט פֿאַרקנייטשט, יצחק. אין וואַרשע זײַנען דאָ גוטע מלמדים, גוטע... און דער טאַטע וועט אויף דיר אַכטונג געבן. נו, זאָג...

נאָר דעם קינד זאָגט זיך נישט. דאָס האַרץ קלעמט עפּעס און די שײַן פֿון דער זון, וואָס ליגט אויף אַ האַלבער גמרא, רופֿט אויף דער גאַס אַרויס.

דער זייגער ווײַזט אַ פֿערטל אויף צען. אָנבײַסן גייט מען נאָך צען, און דער ווײַזער שלעפּט זיך גאָר פּאַמעלעך.

— די מאַמע האָט מיר געהייסן פֿרי אַהיימקומען... — שטאַמלט דאָס קינד אַרויס אַ ליגן.

די מאַמע האָט אים, אייגנטלעך, גאָר נישט געזאָגט. אין דער פֿרי, אַ זייגער אַכט, אַז ער האָט זיך אויפֿגעהויבן און האָט דערזען אין קיך אַן אַלטע ייִדענע האַקט פֿיש, האָט ער זיך פֿאַרוווּנדערט און געפֿרעגט, וואָס דאָס איז. די ייִדענע האָט אים אָנגעקוקט עפּעס קרום, דערנאָך גערעדט מיט דער מאַמען עפּעס אויף פּויליש, כּדי ער זאָל נישט פֿאַרשטיין. די מאַמע האָט באַלד געשיקט די דינסט צו מענדל סוחר פֿרעגן, ווען ער פֿאָרט. און אַז די דינסט האָט געבראַכט דעם ענטפֿער, אַז ער פֿאָרט־אַרויס צו דער פֿינפֿער באַן, האָט די מאַמע צו אים געזאָגט:

— ס'איז נאָך צײַט. גיי אין חדר!

ער איז אַוועקגעגאַנגען זייער טרויעריק. ער האָט זיך משער געווען, אַז די מאַמע האָט חתונה. נאָר געוווּסט אויף זיכער האָט ער נישט. אַ גאַנצע צײַט זיצט ער דעריבער אויפֿגערעגט און אומרויִק, און די שעהען אין חדר שלעפּן זיך גאָר אָן אויפֿהער. דער רבי גלייבט אים; ער הייסט אים נאָר זאָגן ביז צום ענין. יצחק נעמט־צוזאַמען די גאַנצע ענערגיע, שטרענגט־אָן דעם קאָפּ. עס געלינגט אים. ער פֿאַרטוט זיך, פֿאַרגעסט זיך אין דער גמרא און איז צופֿרידן. נאָר דער רבי האַקט־איבער אין מיטן:

— יצחק, זאָלסט זאָגן דער מאַמען, זי זאָל מיר באַצאָלן פֿאַרן חודש. וויפֿל טעג האָבן מיר אין חודש? חנה, ווײַז דעם לוח!

די רביצין גייט־צו צום טיש, רוקט־אַוועק דאָס טיכל פֿון איבער די אויגן און זאָגט בייז:

— זעסטו חוהטשע, ווער ס׳קען זי נישט?! זי לויפֿט דיר שוין באַצאָלן! נאַ דיר, האַרעווע מיט די שקצים בחינם! בחינם ברויך מען נאָך מיט זיי צו לערנען! אַ נײַ זײַדן חופּה־קלייד ברויך זי צו דער חופּה! זי לויפֿט דיר שוין באַצאָלן... — זי רעדט און שעלט נאָך אַ סך, און וואַרפֿט מיט די הענט, אַ שטייגער, ווי זי וואָלט די קולות אַרויסשיטן פֿון פֿאַרטעך אַרויס אויף יצחקס קאָפּ. יצחק זיצט זייער אומרויִק: דער מאַמעס חתונה, דאָס פֿאָרן צום טאַטן, די רביצין און איר זידלען די מאַמע האָבן אין אים דערוועקט אַ פֿאַרמישונג פֿון פֿאַרשיידענע געפֿילן, און ער וואָלט גערן, זייער גערן, שוין אַרויס פֿון חדר. ער זיצט שוין מיט איין פֿוס איבער דער באַנק און קוקט אויפֿן רבין מיט אַ פֿראַגע און מיט געבעט, נאָר דער רבי וויל פּטור ווערן פֿון דער רביצין און הייסט אים ווײַטער זאָגן ביז צום ענין.

יצחק מאַטערט זיך ווידער צו פֿאַרשטיין דעם ענין, אַרײַנטאָן זיך, נאָר דער מוח פֿאָלגט נישט און דאָס האַרץ זײַנס הייבט־אָן גאָר פֿעסט צו קלאַפּן. ער פֿאַרוויינט זיך פּלוצלינג אויפֿן קול.

די ייִנגלעך קוקן זיך אָן איינער דעם אַנדערן פֿאַרוווּנדערט. אין שטוב ווערט שטיל. עס הערט זיך דער „טיק־טאַק" פֿון זייגער. די רביצין האָט זיך אָפּגעשטעלט אין מיטן אַ קללה.

— וויין נישט, יצחק! — זאָגט דער רבי — וויין נישט, אין וואַרשע זײַנען דאָ גוטע מלמדים, וועסט זיך אָרנטלעך אויפֿפֿירן... נו גיי, געדענק צו זאָגן דער מאַמען, ס׳קומט מיר פֿאַר אַ חודש...

די רביצין מורמלט עפּעס נאָך שטיל, נאָר יצחק הערט נישט און לויפֿט שנעל אַרויס פֿון דער טיר ווישנדיק מיטן אַרבל די אויגן.

אין דרויסן איז אַ שיינער זומער־מאָרגן. די פֿיס דערהייבן זיך צו לויפֿן. און דאָס פֿולע האַרץ וויל לויז ווערן פֿון אַ משׂא.

ער דערזעט פֿון דער ווײַטן שמואלקען, אַ 13־יאָריקן בית־מדרש־לאָבוס. ער לויפֿט אים נאָך און שרײַט מיטן גאַנצן כּוח:

— שמואלקע, שמואלקע! ווייסט, מײַן מאַמע האָט חתונה!

נאָר ער דערשרעקט זיך פֿאַר זײַנע אײגענע ווערטער און שעמט זיך. שמואלקע פֿרעגט זיך, צי מען באַקט לעקעך. יצחק ענטפֿערט, אַז ער ווייסט נישט, און שמואלקע זאָגט מיט אַ זיכער קול:

— מען באַקט, אַוודאי באַקט מען! ברענג, יצחק, וואַרט, איך וועל דיר שוין עפּעס געבן!

— איך פֿאַר קיין וואַרשע — ענטפֿערט יצחק מיט אַ ביסל גאַווה. ער וויל שוין פּטור ווערן פֿון שמואלקען און לויפֿן־אַהיים, נאָר שמואלקע לאָזט אים ניט.

— לאָמיך געמאַכט! — זאָגט יצחק. ער מיינט, כ׳בין אַ גנבֿ, פּונקט אַזוי ווי ער!

שמואלקע גיט אים אַ קאָפּע מיטן פּוס און אַנטלויפֿט. אונטערהינקענדיק אויף אַ פּוס קומט דאָס קינד אַהיים.

— 2 —

אין קיך טראָגט זיך אַ ריח פֿון פֿאַרשיידענע שבתדיקע מאַכלים. אויפֿן קוימען שטייען גרויסע טעפּ. אויף דער פֿאַן פֿיש הייבן זיך גרויסע בלאָזן. דאָס פֿײַער קנאַקט.

די מאַמע, אָנגעטאָן אין וואָלענעם קלייד, אין שבתדיקן פֿאַרוק און אין אַ נײַעם ווײַסן שירץ, שטייט בײַ דער טיר און רעדט מיט דער ייִדענע וועגן עפּל. דערזעענדיק יצחקן פֿרעגט זי:

— וואָס עפּעס אַזוי פֿרי?

יצחק דערמאָנט זיך, אַז ער האָט ליגן געזאָגט און ווייסט נישט וואָס צו ענטפֿערן. צוגיין און קושן דער מאַמעס האַנט און זאָגן „גוט מאָרגן!״ — קאָן ער עפּעס נישט. די ייִדענע קוקט אויף אים און רעדט צו דער מאַמען עפּעס אויף פּויליש; די מאַמע ענטפֿערט; בײדע קוקן אויף אים; די ייִדענע פֿאַרקרימט איר געדרונצלט פּנים און יצחק ווייסט נישט, צי זי וויל שמייכלען אָדער עפּעס אַנדערש טאָן. ער שטייט אַלץ נאָך אויף איין אָרט און האָט זיך מורא צוצורירן צו

עפּעס, אַ שטייגער ווי ער וואָלט זיך געפֿונען בײַם פֿעטער ירוחם אין דער גרויסער סאַלע, ווו אַלץ איז שיין און רײַך, און דאָך קען ער קיין טריט נישט מאַכן אָן דעם פֿעטערס ייִנגלעך.

דאָס אָנבײַסן, אַ פֿראָסט וואָכעדיק אָנבײַסן, עסט ער אין דער אַנדערער שטוב און איז זייער אומרויִק. ער לאָזט קיין אויג נישט אַראָפּ פֿון דער טיר און האָט מורא, די מאַמע זאָל נישט אַרײַנקומען אין מיטן עסן: ער וועט פּונקט האָבן אַ פֿול מויל און וועט איר נישט קענען ענטפֿערן; ער מאַכט דעריבער קליינע ביסן. עפּעס איז דאָס אָנבײַסן קיין אָנבײַסן נישט, די שטוב קיין שטוב נישט, און די מאַמע קיין מאַמע נישט!

די מאַמע קומט־אַרײַן און יצחקן ווערט דער אָטעם פֿאַרהאַלטן. די מאַמע גייט־צו, זעצט זיך אַנידער אין וואָלענעם קלייד נעבן אים אויף אַ בענקל. יצחק ווערט צעמישט. פֿאַר די אויגן שווינדלט אים. די זעמל פֿאַלט אים אַרויס פֿון דער האַנט. ער וויל זי כאַפּן, נאָר ער גיט זיך עפּעס אַ מאָדנעם ריר און קערט־איבער דאָס בענקל. ער אַליין פֿאַלט אויך, אַ ביסל אומגערן, אַ ביסל גערן, ווײַל ער פֿילט, אַז צו בלײַבן שטיין אויף איין אָרט טויג עפּעס נישט פֿאַר אים.

די מאַמע שרײַט:

— דו, ווילדע בריה! ער ווייסט דען, וואָס מיט אים טוט זיך?

יצחק הייבט־אויף דאָס בענקל און טראַכט, אַז די מאַמע איז גע־רעכט: ער ווייסט טאַקע נישט, וואָס מיט אים טוט זיך. אָבער דאָס איז ער נישט שולדיק, נאָר די מאַמע אַליין; צו וואָס האָט זי דען חתונה?

— אין אמת אַרײַן — פֿילאָסאָפֿירט ער, בלײַבנדיק אַליין אין שטוב — צו וואָס טויג דאָס דער מאַמען חתונה האָבן און אָנמאַכן אַזאַ פֿאַרמישונג? ער דערמאָנט זיך, אַז אין דער לעצטער צײַט האָט די מאַמע זיך געקלאָגט פֿאַרן פֿעטער ירוחם אויף פּרנסה, אַז דאָס גויִשע געוועלב האָט צוגענומען דאָס גאַנצע לייזעכץ, און דער פֿע־טער ירוחם האָט זייער שווער אָפּגעזיפֿצט און געזאָגט:

— ביטערע צײַטן; גאָט זאָל זיך דערבאַרעמען!

און יצחק איז זיך איצט משער, אַז די מאַמע האָט חתונה, כּדי צו האָבן פּרנסה. אַ וווּנדער איז אַפּילו, ווי אַזוי פֿון דער חתונה וועט אַרויסקומען פּרנסה, און די צײַט וועט שוין ניט זײַן ביטער:

— נאָר אַז נישט, וואָלט דאָך די מאַמע נישט חתונה געהאַט! צו וואָס?

די מאַמע קומט ווידער אַרײַן פֿון קיך מיט אַ פֿלאַטע פֿיש איןביידע הענט, און יצחק פֿילט עפּעס אַ מין רחמנות אויף דער מוטער, וואָס דאָס גוייִשע געוועלב נעמט איר צו דאָס גאַנצע לייזעכץ, וואָס זי האָט אַזעלכע ביטערע צײַטן און מוז חתונה האָבן... אין די אויגן שטעלן זיך אים טרערן.

די מאַמע זעצט זיך און רופֿט אים צו:

— יצחק!

דער מאַמעס קול איז, ווי אַלץ אַרום, גאָר נישט ווי אַלע מאָל. עס קלינגט אין דעם קינדס אויערן פֿרעמד, ווי אַ ווידערקול. יצחק מאַכט זיך צום ערשטן מאָל נישט הערנדיק און כאַפּט פֿליגן אויף דער שויב.

— יצחק! די מאַמע רופֿט אים, און ער שטייט! וואָס איז דאָס?

— זאָגט די מאַמע מיט פֿאַרוווּרף.

יצחק גייט־צו, שטעלט זיך אַנידער און ווייסט נישט, וואָס ער האָט צו טאָן מיט די הענט זײַנע, ווו מען האַלט זיי.

— דו ווייסט ווּהין דו פֿאָרסט?

יצחק ענטפֿערט ניט.

— איך פֿרעג דאָך דיך! פֿאַר וואָס ענטפֿערסטו נישט? ווייסט ווּהין דו פֿאָרסט?

יצחק לאָזט טיפֿער אַראָפּ די אויגן. די מוטער ווערט בייז:

— איך פֿרעג דאָך דיך, שגץ! האָסטו געזען? פֿאַר וואָס ענטפֿערסטו נישט?!

יצחק פֿאַרווײנט זיך ווידער. די מאַמע גייט בייז אַרויס פֿון שטוב מיט אַ שטילן, צאָרנדיקן: „וואַרט!"...

יצחק בלײַבט אַליין און האָט נישט וואָס צו טאָן. פֿליגן איז, ווי

אויף צו להכעיס, נישט דאָ קיין איינע אויף די שויבן. אין קיך האָט ער מורא אַרײַנצוגיין. די לעצטע שטוב, ווו די בעטן שטייען, איז פֿאַרמאַכט: די מאַמע האָט נישט געהייסן דאָרט אַרײַנגיין, און ער פֿילט זיך פֿאַרשפּאַרט פֿון אַלע זײַטן.

— ווען וועט שוין מענדל סוחר קומען?

ער נעמט אַליין אַרויס דאָס נײַע פֿאַלטנדל, טוט עס אָן, גייט־צו צום שפּיגל, ער פֿאַרקרימט דאָס פּנים און זאָגט, טײַטנדיק [2] מיטן פֿינגער אין שפּיגל אַרײַן:

— דו, ווילדע בריה! דו, ווילדע בריה! ער ווייסט דען, וואָס מיט אים טוט זיך? כ׳האָב דיר באַלד געזאָגט: מע־ע...

די דינסט, אַ מיידל אַ גיכס, וואָס קאָן זינגען גאָר שיינע לידע־לעך, גייט־דורך. יצחק וואָלט זי געבעטן, זי זאָל אים זינגען אַ לידל, נאָר זי אײַלט זיך. דאָס מיידל, דורכגייענדיק, דערזעט אויפֿן נײַ־אויסגעפּוצטן שפּיגל פֿלעקן פֿון יצחקס פֿינגער. זי גיט אַ שלײַדער און זאָגט:

— צו אַל די שוואַרצע יאָר! ווען וועט מען שוין דײַנער פּטור ווערן?

יצחק ווערט בייז און ענטפֿערט:

— דו, שיקסע דו! זי מיינט, איך ווייס נישט, אַז...

נאָר ער ווייסט אייגנטלעך נישט, וואָס אַזוינס די דינסט האָט געטאָן, מיט וואָס מען זאָל זי קאָנען זידלען, און קוקט נאָר צאָרנדיק אויף איר.

די דינסט גיט אים נאָך אַ מאָל אַ שטופּ. יצחק לויפֿט־צו, כאַפּט איר האַנט צווישן זײַנע ציין און בײַסט לאַנג און פֿעסט. די דינסט שרײַט. אין שטוב ווערט אַ גערודער. די מאַמע קומט־אַרײַן. די יידענע שטייט בײַ דער טיר מיט אַ האַלב־אָנגעהויבענעם מער אין דער האַנט.

---

[2] טײַטלענדיק (ווי אַ רבי מיטן טײַטל).

די מאַמע זאָגט שטיל, נאָר מיט צאָרן:

— אַז מען זאָל אַזעלכע קינדער נישט קענען, רבונו של עולם!

און דער רבונו של עולם לייגט זיך אויפֿן קינדס האַרץ שווער ווי אַ שטיין. ער ווערט טרויעריק און זעצט זיך שטיל בײַם טיש.

— 3 —

פֿון דער קיך דערהערט זיך אַ פֿעסטער עפֿן די טיר און מענדל סוחרס ברייט קול לייגט זיך אין ביידע שטובן:

— נו, ווו איז ער? גיכער!

— דאָ! — כאַפּט זיך יצחק אויף פֿון אָרט און וויל עפּעס טאָן.

נאָר קיינער הערט אים נישט. מענדל סוחר אײַלט זיך זייער. די מאַמע רופֿט אים אַוועק אין אַ זײַט און רעדט צו אים שטיל. מענדל שאָקלט אײַלנדיק צו מיטן קאָפּ אויף „יאָ" און זײַן שוואַרצע באָרד קנייטשט זיך אויף זײַן ברוסט בײַ יעדן שאָקל.

— פּונקט אַזוי ווי דער טאַטע... — טראַכט יצחק — נאָר אין טאַטנס באָרד זײַנען דאָ אַ סך גרויע האָר...

די מאַמע דערלאַנגט מענדלען אַ קליין פּעקל וועש; יצחקן לייגט זי אין ביידע קעשענעס אַרײַן צוויי שטיקלעך לעקעך און זי בייגט זיך אײַן אים צו קושן.

יצחקן גייט־דורך איבערן גוף אַ שוידער. בײַם האַרץ האָט זיך עפּעס אַ קער געטאָן. ער כאַפּט פֿעסט ביידע הענט צוריק צו זיך, ווי צום שיצן זיך פֿון עפּעס. די מאַמע קוקט אויף אים בייז. אַ שלעכט־קייט שפּראָצט פֿון אירע אויגן.

— נו, פֿאָר געזונטערהייט...

בײַ יצחקן גיט זיך ווידער עפּעס אַ קער בײַם האַרץ. ער לויפֿט־צו צו דער מאַמעס האַנט, מאַכט־צו די אויגן און קושט לאַנג און מיטן גאַנצן כּוח:

— בלײַב געזונט, מאַמע!

ביי דער טיר וויל ער זיך נאָך אַ מאָל אויסדרייען און וואַרפֿן אַ בליק אויף דער מאַמען, נאָר ער האָט מורא. דערזעענדיק דעם בעל־עגלה אויף דער גאַס, זיפֿצט ער אָפּ און אָטעמט־איין אַ פֿולע ברוסט.

אין מיטן אויפֿזעצן זיך האָט שוין דער בעל־עגלה אַ שמיץ געגעבן דאָס פֿערד און די הייזער האָבן זיך אָנגעהויבן צורוקן. יצחק, וואָס זיצט נעבן מענדל סוחר מיטן פּנים צום פֿערד, דרייט זיך נאָך אַ מאָל אויס. דערזעט, חיים שמש גייט־אַריין אין זייער הויז, איז ער זיך משער צו וואָס.

באַלד ענדיקט זיך די גאַס און עס הייבט זיך אָן דער שאָסיי. די פֿעלדער מיט די קורצע, אָפּגעשניטענע שטרויען דרייען זיך און דער בית־עלמין רוקט זיך אַלץ צו נענטער.

יצחק זוכט מיטן אויג און וויל געפֿינען דאָס אָרט, וווּ זיין יונג ברודערל חיים ליגט, אָנגעטאָן אין ווייסע תּכריכים, צוגעשאָטן מיט ערד. זוכנדיק, שטעלן זיך אים פֿאָר גאַנצע שורות בערגלעך ערד, און אויפֿן האַרץ לייגט זיך אַ שטילער טרויער. די אויגן פֿאַלן אים צו און אין מוח וועבט זיך אויס ביסלעכווייז אַ בילד: אויף אַ ווייטן, ברייטן פֿעלד ליגן אויסגעסדרט מענטשן; שרענגעסווייז[3] ליגן זיי אויף דער ערד, ווי סאָלדאַטן רויק; זיי האַלטן די הענט ביי די פֿיס גלייך, „סמירנאָ!"[4]; ער, יצחק, איז אַן אָפֿיציר און שרייט הויך־הויך אויפֿן קול; אַלע הענט הייבן זיך אויף; אַרום און אַרום זעט מען נאָר אויסגעשטעלטע הענט, וואָס שטייען גלייך ווי אַ ליניע... דערנאָך קומט אַ גויע מיט אַ קאָסע און שניידט, און מאַכט בינטלעך. עפֿענענדיק די אויגן דערזעט ער זיינע הענט און האָט הנאה צו קוקן אויף זיי. דער בית־עלמין ליגט שוין הינטער אים. דער שאָסיי ציט זיך גלייך באַפּלאַנצט פֿוןביידע זייטן מיטביימער. איבערן הימל ציִען זיך שטיקער וואָלקנס. איבערן שאָסיי לויפֿט אַלע ווײַלע אַריבער דער שאָטן און ער לויפֿט אַ סך גיכער ווי דער וואָגן, כאָטש דער בעל־

[3] (פּויליש) שורותווייז. — [4] (רוסיש) גלייך שטיין! (מיליטעריש באַפֿעל)

עגלה איַילט צו דער באַן, און אַלע האָבן מורא, מען זאָל נישט פֿאַר־שפּעטיקן.

די באַן גייט־אַוועק פֿון דער סטאַנציע אַרום פֿינף. פֿאַר יצחקן האָט מענדל סוחר נאָר אַ האַלבן בילעט גענומען און אים אָנגעזאָגט, אַז ער זאָל זאָגן דעם קאָנטראָקטאָר „אָשיעם ליאַט״[5], און זאָל זיך מאַכן קליין. ער זיצט אין וואַגאָן אין ווינקעלע און שרעקט זיך זייער.

עס הייבט־אָן טונקל צו ווערן. זיַינע האַלב פֿאַרמאַכטע אויגן זעען נאָר אַ רויך, וואָס טראָגט זיך אין דער לופֿט פֿון וואַגאָן, און קערט זיך אין אַלע זיַיטן פֿאַרלאָזט און עלנט. אַ שטייגער ווי ער וואָלט קיין טאַטע־מאַמע נישט געהאַט. פֿון רויך קוקט נאָר אַרויס אין אַ זיַיט דאָס פּעקל וועש, מענדלס ריַיזע־קעסטל. דער וואַגאָן קלאַפּט און פֿון געשפּרעך דערהערט יצחק נאָר אָפּגעהאַקטע ווער־טער. עפּעס אַ ייִד פֿרעגט:

— ווער איז דאָס ייִנגל?

און טיַיט מיטן פֿינגער.

יצחק האָט מורא צו הערן דעם ענטפֿער און רוקט זיך פֿעסטער צו צו דער וואַנט. עס הערט זיך אַ זיפֿץ. עפּעס אַ קול קרעכצט און זאָגט:

— ביטערע ציַיטן!

מען רעדט וועגן באַנקראָטן. יצחק פֿאַרשטייט נישט, וואָס דאָס איז אַזוינס, נאָר גשער איז ער זיך, אַז דאָס מוז זיַין עפּעס גאָר־גאָר שלעכטס, וואָס טרעפֿט זיך נאָר אין ביטערע ציַיטן. אַן אַנדער קול קרעכצט אויך און זאָגט, אַז ס׳מוז זיַין משיחס ציַיטן, אַז קיין פּרנסה איז נישטאָ... נײַע גזרות קומען־אויף... און יצחקן ווערט זייער, זייער טרויעריק אויף דער נשמה. עס שטעלט זיך אים פֿאָר, אַז די בי־טערע ציַיטן וועלן לאַנג דויערן. אַלע געוועלבער וועלן ווערן ליידיק. אַלע ייִנגלעך וועלן גיין אָן קאַפּאָטלעך. אַלע מיידלעך — באָרוועס, אָן שיך, און וועלן שריַיען:

[5] (פּויליש) אַכט יאָר.

— עס הונגערט מיך!
און די מאַמעס און די טאַטעס װעלן זיפּצן:
— ס׳איז נישטאָ קיין פּרנסה... גאָט זאָל זיך דערבאַרעמען...
ער עפּנט־אויף די אויגן און קוקט זיך אום. די אַלע פּנימער אַרום זעען אים אויס זייער פאַרביטערט, און אים ווערט אַ רחמנות אויף אַלע, אויף מענדל סוחר אויך. ער איז אים איצט נישט מוחל, וואָס ער האָט פאַר אים גענומען נאָר אַ האַלבן בילעט און פאַר זיך אַ גאַנצן.
דער צוג שטעלט זיך. מען גייט־אַריין און ־אַרויס פון וואַגאָן. מען שלעפּט פּעקלעך. עפּעס אַ קול פרעגט הויך:
— האַ! וואָס מאַכט מען, הענעך?
—געלויבט השם יתברך! — ענטפערט אַן אַנדער קול.
— האָסט פּרנסה? ווי גייט עס דיר?
— נישקשה, געלויבט השם יתברך!
און די פאַר בלויע אויגן, יצחקס, קוקן אויף דעם ייִד מיט ליב־שאַפט. וואָלט ער זיך ניט געשעמט, וואָלט ער דעם ייִדן געזאָגט:
— איך ווייס אַ גוטער ייִד, ר׳ ייִד! איר האָט פּרנסה, געלויבט השם יתברך, געלויבט השם יתברך...
דער צוג האָט ווײַטער געררירט.
יצחק איז צוגעגאַנגען צום פענצטערל און גענומען אַרויסקוקן. עס האָט אָנגעהויבן אַלץ טונקעלער צו ווערן און אין דער טונקלקייט האָבן זיך ביסלעכווײַז פאַרלוירן די געשטאַלטן פון דיביימער און פון די פעלדער. די טעלעגראַף־דראָטן האָט מען שוין נישט אַרויס־געזען, נאָר די סלופּעס זײַנען אַוועקגעשפרונגען איינער נאָכן אַנדערן און האָבן זיך באַהאַלטן. איבערן הימל האָבן זיך געשלעפּט נאָך אַ ביסל רויטלעכע וואָלקנס. פון דער ווײַטן האָט צײַטנווײַז אַ פינקל געגעבן אַ פײַער. עס האָט געציטערט און געשפרונגען, און וואָס פינצטערער עס איז געוואָרן, אַלץ מער פײַערלעך האָבן געציטערט. די סלופּעס האָט מען שוין קוים דערזען. הימל און ערד האָבן זיך צוזאַמענגעגאָסן אין איין שוואַרצער מאַסע און דער וואַגאָן איז אַרײַן

צווישן צוויי מויערן ערד. פאַר די אויגן איז געוואָרן שוואַרץ, גאָר שוואַרץ, און אין דער שוואַרצקייט האָט זיך עפּעס געררודערט, גע־לאָפן, ווער ווייסט וווהין.

יצחק דרייט זיך אויס צו מענדל סוחר און רעדט גאָר שטיל:

— ר׳ מענדל?

נאָר ר׳ מענדל דרעמלט.

— ר׳ מענדל? — זאָגט ער נאָך אַ מאָל און ציט אים בײַם אַרבל.

— וואָס?

— וואָס איז, אַז די קאָליע[6] פאַלט־אום?

ר׳ מענדל ענטפערט נישט און לענט זיך צוריק אָן אויף דער באַנק.

— גייט די וועלט אונטער? יאָ? — פרעגט דאָס קינד ווי זיך אַליין.

ר׳ מענדל שנאָרכט.

— 4 —

אַרום עלף איז מען אַרויס פון וואָקזאַל. יצחקס פאַרשלאָפענע אויגן האָבן זיך אַלץ נאָך נישט געקאָנט אין גאַנצן עפענען. די ליכט האָבן געבלענדט די אויגן. פון אַלע זײַטן זײַנען געשטאַנען זייער הויכע הײַזער און דראָזשקעס[7] זײַנען געווען גאָר אַ סך. ערשט זיצנ־דיק אויף דער דראָזשקע האָט זיך יצחק דערמאָנט, אַז ער פאָרט צום טאַטן, און זײַן האַרץ האָט אָנגעהויבן צו קלעמען אָן אומרויִקייט, עפּעס אַ שווערע דערוואַרטונג. מען איז דורכגעפאָרן אַ סך גאַסן, און יעדעס מאָל, אַז דער פורמאַן האָט גענומען אין אַן אַנדער גאַס אַרײַן, איז יצחק צופרידן געווען, וואָס ס׳וועט געדויערן נאָך אַ ביסל לענ־גער. ער האָט זיך געמאַכט שלאָפן און פאַרמאַכט די אויגן.

[6] באַן, צוג. — [7] קאָטשן מיט פערד, צו דינגען.

בײַם טויער ציט מען בײַם מעשל. עס קלינגט. דער רעגן קאַפּעט דערװײַל אויפֿן פּנים. אַ קאַלטער װינט בלאָזט אויף דעם נײַעם פּאַלטנדל און דאָס פּעקל װעש װערט פֿײַכט. עס דערהערן זיך פֿון אינעװייניק טריט און אַ געקלאַנג פֿון שליסלען. דאָס טויער עפֿנט זיך, און יצחקן פֿאַרהאַלט זיך דער אָטעם:

— איצט...

אַ גוי מיט אַ מעשענעם דאַשיק[8] פֿאַרהאַקט דאָס טויער. עס הילכט אַרום און אַרום. זיי גייען־אַרויף אויף די טרעפּ. יצחק שלעפּט קוים נאָך די פֿיס און זעט נישט, װאָס ס'טוט זיך אַרום אים. ער פֿילט נאָר מענדלס שװערע גרויסע האַנט אַרום זײַנער און דאָס געפֿיל איז ביז גאָר שװער. בײַ דער טיר קלאַפּט מענדל אַ פּאָר מאָל. עס הערן זיך טריט פֿון באָרװעסע פֿיס. מען פֿרעגט:

— קטאָ טאַם?[9]

יצחק דערקענט דעם פֿאָטערס קול און זיפֿצט־אָפּ לײַכטער.

נאָר מענדל, דערהערנדיק די טריט, לויפֿט שנעל אַראָפּ פֿון די טרעפּ אויף די שפּיץ פֿינגער און זאָגט יצחקן:

— בלײַב דאָ!

יצחק בלײַבט שטיין שטיל, האָט מורא צו אָטעמען. אַרום איז פֿינצטער.

— קטאָ טאַם? — דערהערט זיך נאָך אַ מאָל הינטער דער טיר.

— עפֿן, שלימזל! װאָס שטייסטו?

די טיר עפֿנט זיך. יצחק דערזעט אַ פּאָר װײַסע גאַטקעס. דער טאַטע בייגט זיך אײַן, שטעלט זיך צוריק אויף און פֿרעגט מיט אַ דערשראָקענעם קול:

— יצחק, דו?

— צו אַל די שװאַרצע יאָר! מאַך־צו די טיר! װאָס איז דאָס? — הערט זיך פֿון דער אַנדערער שטוב.

יצחק גייט־אַרײַן. די טיר פֿאַרמאַכט זיך. דאָס קול פֿון דער אַנ־

---

[8] דעכעלע איבערן הײַל. — [9] (פּויליש) װער איז דאָרט?

דערער שטוב פֿרעגט נאָך אַ מאָל. שוין בייז. דער פֿאָטער ענטפֿערט נישט, קראַצט זיך איבערן קאָפּל און אָטעמט שווער.

באַלד דערהערן זיך פֿון דאָרטן געשרייען:

— דײַנע ממזרים ברויך איך נאָך! זאָל ער גײן ברעכן הענט און פֿיס...

נאָך דעם שיטן זיך ווידער קללות, געשרייען, און אין מיטן שווימט־אַרויס דעם טאַטנס קול:

— ביילע, ביילע!

און דעם טאַטנס קול איז אַזוי ווייך. ער בעט זיך אַזוי. ס׳איז אַ רחמנות.

די געשרייען געדויערן לאַנג. יצחק שטייט בײַם קאַסטן און האָט מורא זיך צו רירן פֿון אָרט. ער קלערט נישט און טראַכט נישט, און וויל נישט קלערן און טראַכטן... און די געשרייען און די קללות פֿון דער אַנדערער שטוב שלאָגן אים אין קאָפּ אַרײַן דורך די אויערן. ווי אַ פֿאַליע דראָבנע שטיינדלעך, וואָס שיט זיך און שיט זיך און הערט גאָר נישט אויף... ער ווערט מיד, לענט־אָן דעם קאָפּ אויפֿן קאַסטן און פֿאַרשטאָפּט זיך מיטביידע הענט די אויערן.

די געשרייען ווערן שטילער, ווי דונערן צום סוף רעגן. עס הייבן זיך אָן שטילע, אָפּגעהאַקטע קללות, קרעכצן און זיפֿצן. דער טאַטע קומט־אַרײַן. אַ קאָפּ אין אַ ווײַסער הויב[10] דערהייבט זיך פֿון קישן און פֿרעגט:

— ווו וועסטו אים לייגן, אַז ס׳זאָל דיך...

יצחק וויל וויינען. ער קאָן נישט. דער טאַטע רעדט אַליין:

— ביילע, ביילע, כ׳בעט דיך, ביילע... כ׳וועל אים לייגן צו רבקהן אין בעטל אַרײַן... ביילע, כ׳בעט דיך...

— לייג דיר אים אויפֿן קאָפּ... —און דער קאָפּ אין דער הויב דרייט זיך אויס צו דער וואַנט.

---

[10] קאָפּטיכל, קופּקע.

דער פֿאָטער טוט יצחקן אויס, לייגט אים אין בעטל אַרײַן און גייט אַליין צוריק אין זײַן בעט.

אין דער שטוב איז שטיל. טייל מאָל נאָר גיט דער טאַטע אַ קרעכץ. אַ קליין לעמפּל ברענט, און די ווענט און די פּאָדלאָגע זײַנען פֿול מיט מוראדיקע שאָטנס. יצחק ליגט רויק, רירט זיך נישט פֿאַר אַ לאַנגע ווײַלע.

ערשט ווען ער איז זיך משער, אַז אַלע שלאָפֿן, דערלויבט ער זיך צו באַוועגן די האַנט און טרעפֿט אויף זײַנס אַ פֿוס. עפּעס דאַכט זיך אים, אַז ער האָט געפֿונען אין זײַן גוף גאָר אַ נײַע זאַך. ער רירט זיך צו מיט דער האַנט צום אַנדערן פֿוס און ביידע פֿיס זעען אים איצט אויס גאָר לגמרי איבעריק. אים דאַכט זיך, אַז ס׳וואָלט געווען גענוג, ער זאָל קליין זײַן, גאָר קליין ווי אַן עפּעלע, וואָס מ׳קען באַהאַלטן ווו מ׳וויל.

נאָר אין אַ ווײַלע אַרום דרייט ער אויס דעם קאָפּ און דערזעט אַ פֿולן קישן שוואַרצע האָר און אַ קינדיש פּנים מיט גאָר רויטע ליפּן. דאָס קינד אָטעמט רויק, פּאַמעלעך. אים ווערט גאָר פֿריילעך און לײַכט אויפֿן האַרצן.

אים דערמאָנט זיך זײַן ברודערל, וואָס איז געשטאָרבן און ליגט באַגראָבן אין דער ערד. אַז ער איז געשלאָפֿן מיט אים, האָט זיך אויך די קאָלדרע אַזוי געריר‌ט אַרויף און אַראָפּ, אַרויף און אַראָפּ... ער רוקט זיך צו נענטער, רירט־אָן די האָר, רירט זיך צו צום שטערן. ער וויל בעסער אָנקוקן דאָס פּנים, קניט־אַנידער אין בעט און בייגט זיך צו, און דאָס קליינע פּנימל שלאָפֿט און שלאָפֿט, אָטעמט און אָטעמט. ער בייגט זיך צו צו זײַנע ליפּן, קושט דאָס פּנימל וואָס אַ מאָל שטאַרקער און חזרט:

— כ׳האָב דיך אַזוי ליב, כ׳האָב דיך אַזוי ליב, אַזוי ליב...

נאָר דאָס מיידעלע כאַפּט זיך אויף מיט אַ הויך געוויין. אין שטוב ווערט אַ גערודער. דער טאַטע פֿרעגט זיך, וואָס דאָס איז. די הויב שרײַט און שעלט, און דאָס מיידל הייבט נאָך העכער אָן צו וויינען. זי שרײַט און ווײַזט־אָן מיטן פֿינגער אויף יצחקן:

— ער... ער... מאַמישי...

— וואָס האָט ער דיר געטאָן? — פֿרעגט דער קאָפּ אין דער הויב.

— דאָ, דאָ... — ווײַזט דאָס מיידל אָן מיט דער האַנט אויף דער באַק.

די מוטער גייט־אַראָפּ, נעמט דאָס מיידל צו זיך אין בעט אַרײַן. אַ פּאָר בייזע אויגן קוקן־אָן יצחקן. ער בלײַבט אַליין. אים ווערט זייער טרויעריק. ער האָט מורא צו וויינען, אָפּצוזיפֿצן. ערשט, אַז ער ווערט אַנטשלאָפֿן, רײַסן זיך די זיפֿצן אַרויס פֿון דער ברוסט.

געחלומט האָט זיך אים, אַז ער האָט אונטער דער שאַנק געפֿונען אַ סך געלט. ער נעמט און נעמט, און עס ווערט אַלץ מער. ער האָט שוין אָנגעלייגט פֿולע קעשענעס, אײַנגעטיילט דער מאַמען און דעם טאַטן אַ סך, און ביידע האָבן זיך געפֿרייט, אַז ס'וועלן שוין נישט זײַן קיין ביטערע צײַטן, און זיי וועלן זיך שוין קיין מאָל, קיין מאָל נישט גטן. זיי זײַנען געזעסן בײַם טיש און געציילט דאָס געלט. יצחק האָט דערלאַנגט און דערלאַנגט. די מאַמע האָט געשמייכלט, דער טאַטע אויך, און יצחק האָט געפּאַטשט אין די הענט:

— אָט אַזוי, גוט אַזוי...

ער שמייכלט אין חלום.

— 5 —

באַלד אין דער פֿרי האָט אים דער טאַטע אַראָפּגעפֿירט צו דער באַן און האָט אים איבערגעגעבן אַ מענטשן, אַז ער זאָל אים אַראָפּ־לאָזן בײַ דער סטאַנציע. אַ גאַנצן וועג איז ער געשלאָפֿן און איז אָנגעקומען אין יאַלטאָוו פֿאַר נאַכט מיט אַ בעל־עגלה. ער איז נישט באַלד אַהיימגעגאַנגען און געוואָלט גיין אין חדר אַרײַן. נאָר אויפֿן וועג האָט אים באַגעגנט מענדל סוחרס ווײַב און האָט אַהיימגעשיקט אָנזאָגן דער מאַמען, אַז יצחק איז געקומען. געוואַרט האָט ער בײַ

מענדלען אין געוועלב. באַלד איז די דינסט געקומען און האָט אים אַהיימגעפֿירט בײַ דער האַנט.

בײַ דער טיר האָט אים באַגעגנט די מאַמע און אַ ייִד אין אַ סאַמעטן היטל מיט אַ שוואַרצער באָרד האָט אַרײַנגעבויגן דעם קאָפּ פֿון דער אַנדערער שטוב. דערזעענדיק די מאַמע, איז יצחק צוגעפֿאַלן צו איר, אײַנגעטוליעט דעם קאָפּ אין איר שויס און האָט אָנגעהויבן הויך צו וויינען. די מאַמע האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ צום ייִד און האָט אויך אָנגעהויבן צו וויינען. דער ייִד איז אַוועק פֿון דער טיר און האָט אָנגעהויבן צו שפּרײַזן אַרויף און אַראָפּ אין דער אַנדער שטוב, און יעדער טריט זײַנער האָט ווי מיט אַ האַמער אָפּגעשלאָגן אין קינדס האַרצן.

# פֿליגלמאַן

## I

### ווער און וואָס איז פֿליגלמאַן און וועגן זײַנע באַקאַנטע

פֿליגלמאַן איז אַ יונגערמאַן פֿון עטלעכע און דרײַסיק יאָר. ער האָט אַ קליינעם, אַ ביסל אײַנגעהויקערטן גוף, אַ גרויסן, קרומען שטערן און אַ קליין בלאָנד בערדל. די אויגן זײַנע זעען־אויס ווי פֿאַרלאָפֿן מיט פֿאַרע. עס דוכט זיך, אַז מען דאַרף זיי נאָר מיט אַ טיכל איבערווישן, כּדי זיי זאָלן העל גלאַנצן.

ניט זעלטן, גייענדיק פּאַמעלעך איבער דער רוישנדיקער גאַס, אויף אַ לעקציע אײַנגעבויגן, האַלטנדיק די הענט אין די טאַשן, טראַכט ער, אַז אויף דער וועלט האָבן געלעבט אַ סך גרויסע מענטשן: בודאַ, שפּינאָזאַ, קאַנט און נאָך אַ סך אַנדערע, און ער, דעם קוגיווער שמשׂס אַ זון, ווייסט זייערע פֿילאָסאָפֿישע סיסטעמען אויף קלאָר און קאָן נאָכזאָגן אַלץ, וואָס ער האָט געלייענט פֿון זיי, וואָרט בײַ וואָרט.

און אַז אויף דער גאַס איז אַ שיין וועטער, די דראָזשקעס* האַקן גראָד נישט אין די אויערן, און אויף דער לעקציע ברויך מען זיך נישט צו אײַלן, טראַכט ער נאָך מיט פֿאַרגעניגן, אַז אין תּוך אַרײַן זײַנען אַלע פֿילאָסאָפֿן נישט איבעריק קלוג געווען; יעדערער האָט זיך פֿאַרמאַכט אין זײַן ווינקעלע, געטראָפֿן, דאָך אַ ביסל נאָר געטראָפֿן; און ער, פֿליגלמאַן, ווייסט אַלץ, וואָס זיי האָבן אויפֿגעטאָן, און נאָך ווייסט ער, אַז דער עיקר, דער תּוך כּל־התּוכות, איז דאָס לעבן, דאָס לעבן אַליין טאַקע.

---

* אָפֿענע קאַרעטקע מיט געבעטע זיצערטער, באַנוצט אין גרויסע שטעט.

און פֿון זײַן לעבן איז פֿליגלמאַן צופֿרידן. די ערשטע פֿינף יאָר אין וואַרשע זײַנען אָנגעקומען אַ ביסל שלעכט. נאָר דעמאָלט איז ער געווען אַ מענטש אָן פֿעסטע איבערצײַגונגען, אָן אַ וועלט־אָנשויונג, און פֿון יענעם לעבן האָט פֿליגלמאַן נישט ליב צו טראַכטן. זינט אַכט יאָר אָבער האָט ער זיך בעסער אײַנגעריכט, באַקומען גוטע לעקציעס און האָט אָנגעהויבן לעבן רויִק, לויט פֿעסטע פּרינציפּן, אַ ביסל אָפּגעזונדערט פֿון דער וועלט, אַליין אין זײַן צימער אויף דעם פֿינפֿטן שטאָק.

זײַן צימער איז שטענדיק אויפֿגערוימט אויף אַ באַזונדערן אַרט, אויף פֿליגלמאַנס אייגענעם אַרט. מיט דער דינסט באַניצט ער זיך נישט, זײַענדיק איבערגעצײַגט קעגן יעדער קנעכטשאַפֿט. און אַז מען ברויך די פּאַדלאָגע צו וואַשן, וואָס ער קאָן אַליין נישט טאָן, האָט ער פּרעטענזיעס צו זיך אַליין און וואַרפֿט זיך פֿאָר, אַז ער מאַכט קאָמפּראָמיסן, און ווערט איבערגעצײַגט, אַז אַן אָרנטלעכן מענטשן איז לעת־עתּה זייער שווער צו עקסיסטירן אויף דער וועלט.

באַקאַנטע האָט ער אַ סך, נאָר נאָענטע מענטשן — גאָר ווייניק. צווישן זײַנע באַקאַנטע יונגעלײַט האַלט מען אים פֿאַר זייער אַ גע־בילדעטן, פֿאַר אַ פֿילאָסאָף און אַן עסטעט, נאָר ריידן רעדט מען פֿון אים נישט. גאַנצע חדשים פֿאַרגעסט מען אין אים גאָר; ערשט אַז מען ברויך געלט אויף עפּעס אַ זאַך, דערמאָנט מען זיך אין אים; דעמאָלט רופֿט זיך איינער אָן:

— אָ! אין פֿליגלמאַנען האָט מען גאָר פֿאַרגעסן!

— טאַקע! — זאָגט דער אַנדערער, און אַלע פֿאַרוווּנדערן זיך, וואָס פֿליגלמאַן איז זיי נישט געקומען אין קאָפּ אַרײַן.

און אַז מען קומט צו אים, איז פֿליגלמאַן מכבד מיט טיי, פֿרעגט זיך נאָך וועגן אַלע באַקאַנטע, גיט געלט, נאָר גלאָט זיך שפּאָרן אַזוי, האָט ער נישט ליב און זעט, אַז דער שמועס זאָל נישט צו נאָענט צוקומען, ער זאָל ניט באַרירן, ווי ער דריקט זיך אויס, זײַן וועלט־אָנשויונג. דער באַקאַנטער גייט־אַוועק צופֿרידן, פֿאַרציילט די

חבֿרים, און אַלע רימען פֿליגלמאַנען זייער און פֿאַרגעסן ווידער באַלד פֿון אים אויף עטלעכע חדשים.

נאָענטער פֿאַר אַלע איז אים לעוואַנטקאָווסקי, אַ לערער, אַ טאַטע פֿון זעקס קינדער און אַ גרויסער אָרעמאַן, נאָר זייער אַ פֿריילעכער. באַקענט האָבן זיי זיך אין אַ בוכהאַנדלונג. לעוואַנטקאָווסקי האָט עפּעס אַ מאָדנע תּאווה צו ביכער. קוים דערשײַנט אַ נײַ בוך, אויף העברעיִש אָדער אויף ייִדיש, און ער קאָן עס דערוויַיל נישט קויפֿן, ווערט ער זייער טרויעריק און אויפֿגערעגט, און זיצנדיק בײַ פֿליגלמאַנען, וויל ער נישט טרינקען קיין טיי. פֿליגלמאַן באָרגט אים אַ סך מאָל געלט און האָט דערפֿון עגמת־נפֿש, ווײַל לעוואַנטקאָווסקיס ווײַב האַלט אים פֿאַר *, צו וואָס ער באָרגט אים געלט.

מיט לעוואַנטקאָווסקין איז פֿליגלמאַן אָפֿנהאַרציק און רעדט מיט אים אַ סך מאָל פֿון זיך אַליין:

— די פּאָעטן מיינען, אַז נאָר זיי אַליין פֿילן די שיינקייט פֿון דער נאַטור. ס'איז אַ ליגן. דער אונטערשייד איז נאָר, וואָס זיי קאָנען דאָס געפֿיל אַרויסגעבן אין אַ פּאָעטישער פֿאָרעם, און איך קאָן נישט: איך באַשעפֿטיק זיך נישט דערמיט. צום בײַשפּיל: איך צאָל אַ רובל טײַערער פֿאַר מײַן צימער, נאָר ווײַל בײַ נאַכט שײַנט אַרײַן די לבֿנה. איך בין אַן אָפֿענער מענטש, איך האָב זיך אויסגערעדט מיט דער גווירטין, אַז איך צאָל אַ רובל טײַערער נאָר מיט דער באַדינגונג, אַז אין צימער איז דאָ די לבֿנה. איר ווייסט, לעוואַנטקאָווסקי, דער המון, דאָס פּראָסטע פֿאָלק, איז, פֿאַרשטייט זיך, גראָב. שטעלט אײַך פֿאָר, מײַן ווירטין האָט געשמייכלט, אַז איך האָב זי געפֿרעגט, צי בײַ נאַכט שײַנט די לבֿנה אין צימער, און, פֿאַרשטייט איר, זי איז איבערגעצײַגט, אַז איך בין אַ נאַר... מיט איין וואָרט, איך זאָג אײַך, לעוואַנטקאָווסקי, אַז אַן אָרנטלעכן, קלוגן מענטשן איז שווער צו לעבן אויף דער וועלט. יאָ!

---

* פֿאַרהאַלטן, פֿירהאַלטן — פֿאַרוואָרפֿן, אויסזעצן, האָבן פּאַראיבל, אַ טענה.

פליגלמאַן רעדט רוסיש. לעוואַנטקאָווסקי פאַרשטייט נישט די שווערע ווערטער, גאָר מודה איז ער, און לייענט אים פאָר אַ שיר וועגן דער טבֿע.

— אַ גוטער שיר, — ענטפערט פליגלמאַן — איר וואָלט גאָר געברויכט צו האָבן אַ טיפערן פילאָסאָפישן בליק. אַ שטייגער, איך זאָגט: „מה יפה הטבֿע, על כל הר וגבֿע”. אָן אמתער פּאָעט פילט, אַז דער באַרג און דער הימל און די ערד און די גאַנצע נאַטור איז פונקט דאָס אייגענע, וואָס מיר אַליין...

— ווי הייסט? — פרעגט לעוואַנטקאָווסקי און דאָס פּנים זײַנס ווערט ווייניגדיק־ערנסט, אין אָפּענעם מויל זעען זיך לאַנגע צוויי שורות ציין, און זײַן האַנט ציטערט אין דער לופט.

— עס איז אַזוי. איך, צום בײַשפּיל, פיל עס גאַנץ גוט. עס טרעפט אַ סך מאָל, וואָס איך פיל, אַז איך און דער הימל און די לבֿנה איז אַלץ איינס, איין אַבסאָלוט, פאַרשטייט איר, נאָר אין פאַר־שיידענע פאָרמען...

— הערסט דו?! אין פאַרשיידענע פאָרמען! דאָס האָב איך דאָך באַלד געזאָגט. הײַנט, מילא, וואָס ווילט איר? איז דאָך ווידער גוט!

און לעוואַנטקאָווסקי וואַרפט אַזוי מיט דער האַנט, אַז פליגלמאַן ווערט־אָן דעם מוט: ער האָט פֿײַנט, אַז מען צעקאָכט זיך.

— יאָ, דער שיר איז גוט, — זאָגט ער, — מיר וועלן נאָך ריידן דערפון, אַ גוטע נאַכט.

טייל מאָל, אַז ער גייט־אַרויס, גייט אים נאָך לעוואַנטקאָווסקיס ווײַב, אַ ייִדענע מיט אַ געלבלעך פּנים און מיט אײַנגעפאַלענע ברוסטן, און שטעלט אים אָפּ:

— פּאַני פליגלמאַן, טאָמער קאָנט איר באָרגן פּופּציק קאָ־פּיקעס?

פליגלמאַן באָרגט און האַלט זיך אַ ביסל אויף אין הויז, ווײַל באַלד דערהערן זיך פון שטוב געשרייען פון מאַן און ווײַב. לעוואַנט־קאָווסקי וויל פּופּצן קאָפּיקעס אויף טאַבאַק, דאָס ווײַב וויל נישט

געבן; לעוואַנטקאָווסקי זאָגט, אַז ווען נישט ער, וואָלט פֿליגלמאַן איר נישט געבאָרגט. דאָס ווײַב ענטפֿערט:

— דו ביסט נישט ווערט מיט אים צו ריידן!

לעוואַנטקאָווסקי ווערט שטיל. עס הערט זיך נאָר, ווי ער גייט־אַרום אין שטוב, און אויף פֿליגלמאַנס פּנים צעגיסט זיך אַ צופֿרי־דענער שמייכל, וואָס ליגט שוין אַזוי אויפֿן פּנים ביז ער קומט־אַהיים און זעצט זיך לייענען.

לייענען לייענט ער לאַנג, פּאַמעלעך, שטענדיק אין דער אייגע־נער פּאָזע, זיצנדיק, און מיט דעם אייגענעם, ערנסטן, רויִקן אויסדרוק אויפֿן פּנים. טרעפֿט זיך אַ מערקווירדיק אָרט, שטעלט ער זיך אָפּ, לייענט עס נאָך אַ מאָל דורך, און קען עס אויף אויסנווייניק, ציט די וואָנצע און לייענט ווײַטער, אַלץ ווײַטער, און עס דוכט זיך, אַז זײַן מוח וואָלט נאָר קיין מאָל נישט מיד געוואָרן צו שלינגען די זײַטלעך, ווי די לונגען — לופֿט. עס גייט־דורך אַ צײַט, ער נעמט־אַרויס דאָס זייגערל, און אויב ס׳איז שוין עלף, מאַכט ער צו דאָס בוך, ציט נאָך אַ מאָל די וואָנצע און אויף זײַן פּנים צעגיסט זיך אַ מאָדנע זיסקייט.

און אַז די לבֿנה איז דאָ אויפֿן שטיק הימל, וואָס זעט זיך דורכן פֿענצטער, לעשט ער אויס דעם לאָמפּ, רוקט־צו דעם שטול צום פֿענצ־טער און קוקט אויף דער לבֿנה. ער דרייכערט אַ פּאַפּיראָס, ציט אים לאַנגזאַם, אַ רויך צעלייגט זיך אין דער בלווילעכער לופֿט, און אין דעם נעפּל שווימט די לבֿנה, פּאַמעלעך, פֿרום און ערנסט... אַן אַלטן, חסידישן, טרויעריקן ניגון, די איינציקע מעלאָדיע, וואָס פֿליגלמאַנס אויערן האָבן אויפֿגעכאַפּט אין זײַן לעבן — ברומט ער צו דערבײַ; דער נעפּל צעטראָגט זיך, דער טונקעלער הימל מיט דער לבֿנה ווערן העכער, און פֿליגלמאַן האַלט דעם קאָפּ געהויבן אין דער הויך, קוקט לאַנג און פֿילט, אַז ער און דער הימל און די לבֿנה און די גאַנצע וועלט זײַנען איינס, איין אַבסאָלוט אין פֿאַרשיידענע פֿאָרמען, און אַז דאָס לעבן איז אַלץ. ליגנדיק דערנאָך אויפֿן בעטל, ווערט ער אַנטשלאָפֿן מיט דעם געדאַנק, אַז דאָס ערלעכסטע, קליגסטע לעבן

איז דערבײַ אויך דאָס בעסטע און דאָס שענסטע; אַז זײַן לעבן איז רײַך אויך מיט פּאָעזיע.

אָט אַזאַ מענטש איז פֿליגלמאַן.

# II

## וועגן פֿליגלמאַנס ערשטער ליבע

פֿון ליבע האַלט פֿליגלמאַן זייער.

— ליבע — פֿלעגט ער זאָגן — איז דער הויפּט־פּרינציפּ פֿון לעבן. דאָס לעבן אָן ליבע האָט נישט קיין זין און פֿאַרלירט זײַן פֿאַרטיידיקונג. אַ מענטש, וואָס איז נישט גענייגט פֿון דער נאַטור צו ליבע, איז ווייניקער ווערט ווי אַ מענטש וואָס קען נישט לייענען און שרײַבן.

און פֿליגלמאַן איז פֿון דער נאַטור זייער געניגט געווען צו ליבע. נאָר אַז מען לעבט אַ פֿאַרשטענדיק, קלוג לעבן, דאַרף מען זיך ריכטן צו זײַן אָפּגעזונדערט און עלנט.

— איך קאָן נישט קיין ליגן זאָגן, איך קאָן נישט חנפֿענען — פֿלעגט ער זיך טרייסטן פֿאַר זײַן אומגעשיקלעכקייט בײַ פֿרויען.

און געהאָפֿט האָט ער שטענדיק, אַז עס וועט זיך טרעפֿן אַזאַ נשמה, וואָס וועט זײַן נשמה פֿילן, אַז דײַטלעך ריידנדיק קאָן קיין פֿלאַכע נשמה אים נישט ליב האָבן.

אַמאָל, נאָך דעם ווי ער האָט זיך איבערגעצויגן אויף אַ נײַער דירה, האָט ער באַמערקט אין אַ קעגנאיבערדיקן פֿענצטער אַ בלייכלעכע געשטאַלט מיט שוואַרצע האָר, אין אַ העלער בליוזע און מיט אַ שניי־ווײַסן, שטײַפֿן קאָלנער. אויגן, גרויסע און שוואַרצע, האָבן געקוקט גלײַך צו זײַן פֿענצטער. עס איז געווען אין דער פֿרי. אין דרויסן איז געווען ליכטיק. אַ העלע שײַן איז געלעגן אויף אַ האַלבער, קעגנאיבערדיקער מויער. די פֿענצטער זײַנען געווען אָפֿן, און דאָס

מיידל האָט געהאַלטן די האַנט איבער די אויגן און האָט געקוקט. פֿליגלמאַן האָט אויך געקוקט. דאָס מיידל האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן פֿאַרשעמט, איר ברוסט האָט זיך באַוועגט, עס האָט זיך געדוכט, אַז זי האָט אָפּגעזיפֿצט. פֿליגלמאַן האָט אַלץ געקוקט אויף איר מיט אַנטציקונג. נאָר דאָס מיידל האָט ווידער אויפֿגעהויבן די אויגן און ווידער זיי אַראָפּגעלאָזט פֿאַרשעמט, און די ברוסט האָט זיך ווידער באַוועגט... פֿליגלמאַן האָט אַ קלאַפּ געגעבן מיט צוויי פֿינגער אויפֿן פֿענצטער און געזאָגט צו זיך:

— גענוג!

און איז אַוועקגעגאַנגען פֿון פֿענצטער צופֿרידן, וואָס ער האָט זיך אַליין באַזיגט, וואָס ער האָט ווײַטער נישט געקוקט, כאָטש דאָס האָט זיך אים אַזוי געוואָלט.

„דער גרעסטער נצחון פֿון אַ מענטשן איז, אַז מען איז זיך אַליין מנצח", האָט ער געטראַכט דערנאָך, גייענדיק איבער דער גאַס אויף דער לעקציע. נאָר זיצנדיק אויף דער לעקציע האָט ער געפֿילט, אַז ער איז עפּעס אומרויִק, אין דער זײַט ביים האַרצן האָט זיך עפּעס אַלע ווײַלע צוגערוקט, עפּעס אַ נאָג געגעבן און ווידער זיך אָפּגעַרוקט; די שוואַרצע האָר און די העלע בליוזע מיטן ווײַסן קאָלנער האָבן געציטערט אין מוח, און בכלל איז ער געווען אויפֿגערוימט, עפּעס הײַטער, ווי ער פֿלעגט אַמאָל זײַן ערבֿ פּסח, אין די אַלטע, אַלטע יאָרן.

„המ... יאָ"... — האָט ער געטראַכט פֿאַר זיך אַ גאַנצן טאָג, געווישט מיט די הענט די וואָנצעס און האָט כּמעט קיין איבעריק וואָרט נישט אַרויסגערעדט, באַהאַלטנדיק פֿון זיך עפּעס אַ סוד. זײַן פּנים האָט אַ גאַנצן טאָג געשמייכלט.

בײַ נאַכט, ליגנדיק אין בעט, קוים האָט ער די אויגן צוגעמאַכט, האָט זיך דאָס בעטל אויסגעדרייט, און ער איז אויסגעקומען מיט די אויגן צום פֿענצטער, ער האָט אַלץ געטראַכט וועגן דער געשטאַלט, און אין פֿינצטערן פֿאַן זײַנען געלאָפֿן פֿיל, פֿיל פֿײַערדיקע פֿינטע־לעך און עפּעס ווײַס האָט זיך נאָכגעשלעפּט, ווי אַ לײַכטער נעפּל.

געדוכט האָט זיך, אַז די פּינטעלעך, פליענדיק, מאַכן אַ גלײַכע גע־אָמעטרישע ליניע פון יענעם פּענצטער צו זײַנעם. אין מיטן האָט ער זיך דערמאָנט, אַז ער ליגט גאָר מיטן קאָפּ צום פּענצטער, און האָט זיך אָנגעהויבן צו אָריענטירן אין בעט. קוים האָט ער דערטאַפּט די וואַנט און האָט געעפנט די אויגן, איז דאָס בעטל אויסגעדרייט גע־וואָרן, און ער האָט געקוקט גלײַך אויפן ווײַסן אויוון. ער האָט זיך אויפגעזעצט, אויסגעדרייט דעם קאָפּ. אַקעגנאיבער איז געווען פּענצ־טער. ער האָט זיך צוריקגעלייגט, און אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז דאָס בעטל ווידער אויסגעקומען פאַרקערט.

— המ... — האָט ער געשמייכלט צו זיך אין געדאַנק און איז אײַנגעשלאָפן מיט עפּעס אַ פרישן חלום.

צו מאָרגנס איז דאָס מיידל ווידער געזעסן בײַם פּענצטער. זי האָט געלייענט אַ בוך, און פליגלמאַן האָט געקאָנט קוקן, וויפל ער האָט געוואָלט, נאָר דאָס מיידל האָט פּלוצלינג אויפגעהויבן די אויגן און געקוקט אויף אים, גלײַך אויף אים, און אין דעם בליק איז עפּעס געווען.

„די נשמה פון אַ מענטשן שפּילט זיך אָפּ אין בליק און אין געלעכטער", האָט ער געחזרט פאַר זיך עפּעס אַ פראַזע פון לאַנג, גאָר לאַנג שוין דורכגעלייענטן בוך. „מערקווערדיק, ווי גוט געזאָגט".

ער איז צוגעגאַנגען צו זײַן קליין שפּיגעלע, אײַנגעקוקט זיך אין זײַן פּנים און האָט געפונען, אַז זײַן בליק איז גאָר אינגאַנצן אָן ענלעכער צו איר בליק. עס איז קיין ספק נישט געווען, אַז ער גע־פעלט איר: „אַ נשמה אַ נשמה פילט".

אַזוי האָט עס זיך געפירט צוויי וואָכן. דאָס מיידל איז געזעסן בײַם פּענצטער און פליגלמאַן האָט געקוקט. אַ מאָל, אַז ער האָט געקוקט אויף איר, האָט זי פּלוצלינג, ווי געווײנטלעך, אויפגעהויבן די אויגן, נאָר נישט ווי געווײנטלעך — האָט זי זיי אַראָפּגעלאָזט אין געקוקט אים מיט שטאָלץ אין די אויגן אַרײַן אַזוי לאַנג, ביז ער, פליגלמאַן, האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן פאַרשעמט! דערנאָך, אַז ער האָט בגנבֿה נאָך געוואָרפן אויף איר אַ בליק, איז אויף איר פּנים

